יעקב כהן
(בן אהרן)

# זיין און צוזאמענזיין

פרוּוו פון אַן עטיק

(עסייען)



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשכ"ח — 1968

# אינהאַלט

# אַריינפיר

דער ציל פון די באַטראַכטונגען־אָפּהאַנדלונגען איז דאָס לעצטע קאַפּיטל פונעם בוך: „זיין און צוזאַמענזיין“, וועלכן נאָמען ס׳טראָגט דאָס בוך. צוליב אָט דער רעזומירנדיקער אַרבעט איז פאַרטראַכט געוואָרן צו שרייבן דאָס דאָזיקע בוך.

די כוונה איז געווען צו געבן אַ קורץ, קאָנדענסירט און איינהייטלעך ווערק. און אויב אַפילו געוויסע אַרבעטן זיינען נישט אַזוי ענג געבונדן צווישן זיך, האָבן זיי אָבער אויך אַ שייכות איינע צו דער אַנדערער. זיי האָבן אויך זייער ווערט, אַפילו ווען מ׳באַטראַכט זיי ווי באַזונדערע שאַפונגען.

צו זיינע מסקנות איז דער שרייבער געקומען נאָך אַ ריי פאָרשונגען און אָבסערוואַציעס, איינשליסלעך — איבערן אייגענעם זעלבסט.

ביי אַ צאָל פון פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען, ווו דער הויפּט־אָביעקט איז דער מענטש (און ביי וועלכן פאַרטראַכט איז ער נישט דער הויפּט־אָביעקט?...) ווי קאָנדענסירט דער שרייבער זאָל זיך נישט האַלטן, זיינען געוויסע איבערחזרונגען געווען אומפאַרמיידלעך. בפרט ווען די ערשטע כוללדיקע עסיי „מענטש און וועלט“ איז געוואָרן געשריבן פאַרן פאַרטראַכטן פון די איבעריקע. פאַרן ערנסט־טראַכטנדיקן לייענער אָבער, איז עס נישט קיין חסרון, ווייל דאָס מאַכט נאָך פאַר אים גרינגער און קלאָרער דעם באַהאַנדלטן ענין.

י. כ.

קאַפּיטל איינס

## מענטש און וועלט

דער מענטש פיזיאָלאָגיש, ביאָלאָגיש און גייסטיק. — דער מענטש — אַ וועלט פאַר זיך. — דעם מענטשנס גייסט. — די וועלט — אַ יש פאַר זיך.

פיזיאָלאָגיש איז דער מענטש אַ פאַרצווייגטער, פּרעציזער מעכאַניזם, וואָס פאַרוואַלטעט זיך אַליין.

ביאָלאָגיש איז ער אַ פּסיכיש-עמאָציאָנעלע איינהייט, וועמענס אָרגאַניזם באַלעבט זיך אַליין אין אַ ווונדערלעכער האַרמאָניע.

גייסטיק, „תחסרהו מעט מאלהים", שיעור נישט אַ גאָט. און טראַכט אַלע זיינע פיינען און אומבאַהאָלפנקייטן הויבט ער זיך אַרויס אין זיין דויער פונעם איבעריקן באַשאַף.

און הגם געשמידט אין רוים און צייט און אָן פליגל, שפּאַנט זיין גייסט אַרום איבער גאָר די מרחקים — און זיין פאַנטאַזיע ווייסט כמעט נישט פון קיין גרענעץ.

*

ער איז, דער מענטש, אַ וועלט פאַר זיך. און כאָטש אַן „עולם קטן" (אַ קליין וועלטל), אַ מיקראָקאָסמאָס, איז ער אָבער — ווי אַלץ אינעם זיין — אויך אַ טייל פון דער גרויסער וועלט פונעם מאַקראָקאָסמאָס.

און „אין בכלל אלא מה שבפרט". דאָס אַלגעמיינע און דאָס גרויסע איז אין תוך דאָס זעלבע, ווי דאָס קלענסטע קליינע. און אַלץ איז איינס און אין איינס...

דאָס וואָס באַהערשט דאָס גרויסע, באַוועלטיקט אויך דאָס קליינע. און לגבי דעם אַבסאָלוטן זיין — איז נישט פאַראַן קיין אונטערשיד צווישן כמות און איכות.

כמות און איכות, קוואַנטיטעט און קוואַליטעט (אינהאַלט און פאָרעם), זיינען פאַרן אַבסאָלוטן „היינו הך״ (איינס און דאָס זעלבע) און זיינען נישט מער ווי מענטשלעכע אויס־שפּרייט־ און באַגריפן־פאָרמען, קלאַסיפיקאַציע־איינטיילונגען, זיך גרינגער צו מאַכן דעם חשבון...

נישט נאָר די באַזונדערע פּרצופים־פאָרמען (פּנימער) גע־הערן צו איינעם און דעם זעלבן מענטשן־מין, נאָר אויך דאָס, וואָס זעט אונדז אויס ווי באַזונדערע אינהאַלטן, ווי באַזונדערע קוואַליטעטן, זיינען אין גרונט נישט מער ווי איין תוכיקע קוואַליטעט, אַן אַרויסוויקלונג פון איין סובסטאַנץ (איין זאַך). די רערן פון דער מנורה זיינען פון איין שטיק געגאָסן.

און פאַר זיך אַליין, פאַר דער ריינער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט, איז נישט בנמצא קיין גרויס און קליין, ווי ס'איז נישט בנמצא קיין נאָענט און קיין ווייט.

מחוצן מענטש זיינען נישט פאַראַן קיין גרענעצן און קיין מחיצות־דימענסיעס. אַלץ איז אויסגעשפּרייט און אָפן, ווי אַן אָפענער, צעגאָסענער ים, וואָס האָט ניט קיין ברעג.

פאַרן עצם אויסגעשפּרייט אַליין (רוים) עקזיסטירן נישט קיין מרחקים, ווי עס עקזיסטירט נישט פאַר אים קיין צייט. דער נאָר באַגרענעצטער מענטש, וואָס רופט אַרויס די מרחקים, רופט אויך אַרויס די צייט.

ווי אַ מגילה, וואָס וויקלט זיך אַרום זיך, אַזוי וויקלט זיך דער מענטש אין זיינע אייגן־באַשאַפענע צייט־דימענסיעס.

נעכטן, היינט און מאָרגן זיינען צייט־פונקטן אויף אונ־דזער סדר־טאַשמע און זיי זיינען נישט מער ווי דמיונות־די־

מענטשיעס פון אונדזער אויפנעם, — אַרויסגערופן דורכן פּלאַ־
נעטאַרן אומקרייז אין רוים.

דער בן־אדם, וואָס איז פאַרמאַכט אינעם אייגענעם
זעלבסט, רופט אויף זיין שטייגער זיין אייגענע וועלט אַרויס.
ווי גאָט האָט דעם מענטש באַשאַפן בצלמו (אין זיין גע־
שטאַלט), אַזוי באַשאַפט דער מענטש די וועלט אין זיין
מענטשלעך געשטאַלט.

דער חשבון צווישן מענטש און דער וועלט איז נישט
גאָר קיין פּינקטלעכער. ווייל שוין מיטן מחייב זיין זי —
באַגרענעצט ער זי, אויף זיין אופן. ער טוט זי אָן אין
זיין לבוש פון ענדלעכקייט און באַגרענעצטקייט...

*

דעם מענטשנס גייסט איז נישט פריי צו באַטראַכטן די
וועלט. ער איז ביי זיך אַליין געפאַנגען. זיין דערקענטעניש־
אינסטרומענט, דער פאַרשטאַנד, איז ווי אַן עמבריאָ אין
מוטערס טראַכט איינגעקנוילט אינעם אייגענעם טונקל־
געקנויל...

ער איז נישט גענוג קלאָר, דער מענטש, צו זען עפּעס
אויסער זיך. דער פאַרשטאַנד, וואָס איז אין תוך דער קאָאָר־
דינירער און אויסדריקער פון אונדזערע חושים, זייער לאָגי־
שער פאַר־סך־הכלער — קען נישט נאָר דעם אייגענעם מלכות
האדם נישט אַריבערטרעטן, נאָר אויך זיך אַליין נישט באַ־
נעמען.

דער כוח פונעם מענטשנס דערקענטעניש, וואָס ליגט
אויפן שטח פון זיין לעבן, איז אין תוך נאָר געווענדט צו זיין
אייגענעם זעלבסט־דערהאַלט. דאָס ביסל שכל, וואָס איז אים,
דעם בן־אדם, געגעבן געוואָרן, איז בלויז פאַר זיין יחידם
לעבן. דאָ נאָר איז שולט זיין פאַרשטאַנד.

דער דאָזיקער פאַרשטאַנד, ווי דער עסענץ פון זיינע

כוחות־הנפש, צוזאַמען מיטן לעבנס־ווילן און דער דערפאַרונג, מאַכט אים פאַר אַ פּראַקטישן לעבנס־פאַרשטאַנד.

אויסערן שטח פון זיין לעבן ענדיקט זיך די מאַכט פונעם פּראַקטישן פאַרשטאַנד. הגם אויך דאָ, אינעם ענגן שטח, איז ער נישט פריי פון דורכפאַלן.

ער איז נישט פריי פון מכשולים צוליב אינערלעכע און אויסערלעכע אַריינמישונגען, וועלכע ער קען נישט שטענדיק קאָנטראָלירן און בייקומען. און עס קרייצן זיך נאָך און ראַנגלען זיך אין זיין ענגן וועלטל, אינעם קליינעם מלכות־האדם, פאַרשידענע כוחות און אינטערעסן, נישט ווייניקער ווי די כוחות צווישן די באַזונדערע מענטשן.

דעם מענטשנס וועלטל איז אַ קאָמפּליצירטער לעבנס־מעכאַניזם, פול מיט לאַבירינטן און פאַרבאָרגענישן פון אַן אומגעהויערן פאַרנעם.

ס'איז אַן אורוואַלד פון טונקל און פּלאָנטער, ווו קיין בן־אדם האָט נאָך נישט געטראָטן.

און מחוץ זיך, אויסערן מענטש, איז אַפילו דעם פּראַקטישן פאַרשטאַנד נישטאָ מיט וואָס צו קאָנטראָלירן. די איינציקע קאָנטראָל, דער שיקול־הדעת, איז אין זיך און איז פון זיך אָפּהענגיק.

און זאַכן און דערשיינונגען מוזן נישט נאָר דורך אַנדערע ווערטן געפּרווּט און געשאַצט ווערן, נאָר כדי אַבסאָלוט אַ זאַך צו דערקענען, מוז זי אויך דערקענט ווערן פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק.

אַנדערש בלייבט עס אַ טעותדיקע, אָדער טיילווייזע דערקענטעניש. און אַז דאָס איז אַזוי מיטן פּראַקטישן פאַרשטאַנד, ווי איז שוין מיטן שפּעקולאַטיוון, טעאָרעטישן?

זיינען מיר לגבי דעם שפּעקולאַטיוון גאָר אומבאַהאָלפן, און אונדזער גאַנצע לאָגיק איז אויף דעם געביט ניט מער, ווי אַ ספּאָרט, הגם אַן אָנגענעמער און נויטיקער.

צו דעם איז נאָך דאָס דענקען, ווי אַלץ אינעם מענטש-לעכן לעבן, אונטערגעוואָרפן דעם געזעץ פון געוווינהייט. און דער דאָזיקער געזעץ פון געוווינהייט שטערט נאָך מער דעם פּראָצעס פונעם דענקען.

ער שטערט דעם פרייען אַריינבליק, ווייל דאָס עצם דענקען איז משמע פרייהייט פון געדאַנק, און אָן דעם דאָזיקן תנאי-קודם קען אויך נישט זיין קיין אַבסאָלוט דענקען.

און אָן אַבסאָלוט דענקען קען נאָר מעגלעך זיין ביי פאָלגנדיקע דריי גרונט-באַדינגונגען: 1) זיין אויסער זיך, דאָס מיינט: דאָס דענקען דאַרף זיין מחוץ פונעם אייגענעם, סוביעקטיוון אַריינמיש.

2) דער דענקער דאַרף זיין פולשטענדיק פריי פון פאָר-אורטיילן און געדאַנקען-געוווינהייטן.

3) די מעגלעכקייט פון דערקענען זאַכן און דערשיי-נונגען פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק. פון אינעווייניק, ביזן דינסטן פּרט.

די דאָזיקע דריי באַדינגונגען זיינען אויסגעשלאָסן פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש. און דאָס מאַכט זי פאַר אַ הוילער אומבאַהאָלפנקייט.

און מען דאַרף אַפילו צו די איבעריקע צוויי פונקטן נישט אָנקומען, כדי צו זען די מאַכטלאָזיקייט פונעם פאַר-שטאַנד-דערקענטעניש. ווייל שוין דער ערשטער פונקט פאַר-וואַנדלט זי אין אַ „חרס הנשבר”.

מחמת דער מענטש, דורך וועמען אַלץ ווערט געוויגן און געמאָסטן, קען זיך נישט אויסטאָן פון אייגענעם „איך”. ער קען נישט אַרויסגיין פון זיך אַליין, — כדי צו דערגרייכן צו דער השלמה פון אַן אַבסאָלוטן אַריינדרינג.

און ער קען מהאי טעמא אַפילו זיך אַליין נישט באַנעמען, ווייל אום זיך אַליין צו באַנעמען, דערקענען גאָר די געזעצן פונעם אייגענעם „איך”, צו וויסן ווי אַזוי דער אייגענער

דערקענטעניש-אינסטרומענט אַרבעט, וואָלט ער פון זיך אַליין געדאַרפט אַרויסגיין.

ער וואָלט געדאַרפט זיך געפינען אין אַ געוויסן מרחק פון זיין אייגענעם באַטראַכט-אָביעקט, אין אַ דיסטאַנץ פון זיך אַליין. און היות דאָס איז אוממעגלעך, ווייל קיין מענטש קען פון זיך אַליין נישט אַרויס, קען ער דעריבער זיך אַליין נישט דערקענען.

און אַז ער קען זיך אַליין נישט דערקענען, קען ער די זאַכן אויסער זיך אויך נישט דערקענען (אויף אַ גענוגנדיקן אופן), — ווייל ער דאַרף זיי דאָך דערקענען מיטן זעלבן „קנה רצוץ" (שוואַכן שטעקל), מיטן זעלבן אומבאַהאָלפענעם דערקענטעניש-אינסטרומענט, וואָס קען אויך זיך נישט דערקענען.

און אַז מען גיט נאָך צו דעם צו די איבעריקע פונקטן, פון פריי זיין פון פאַראורטיילן און געדאַנקען-געוווינהייט, און דערקענען פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק, זעט מען ערשט אַרויס די נעבעכדיקייט פונעם מענטש און זיין דערקענטעניש.

*

פונדעסטוועגן, טראָץ דער דאָזיקער מענטשלעכער שוואַכקייט, טראָץ זיין אומפעאיקייט אויף אַן אַבסאָלוטן אופן צו באַנעמען די זאַכן און דערשיינונגען, — איז די וועלט, ווי דער מענטש, אַ יש, אַ יש פאַר זיך, אַ זיכערער יש.

און פונקט ווי דער מענטש באַנעמט זיך נישט נאָר דורך זיין דענקען („איך דענק, הייסט דאָס, איך עקזיסטיר" — דעקאַרט), נאָר דורך זיין יעדן ריר און באַוועג, דורך אַלע זיינע רמ"ח אברים און שס"ה גידים, אַזוי באַנעמען מיר די וועלט מחוץ אונדז, דורך יעדן אויפרודער און איינדרוק, וואָס זיי, די חושים, ברענגען אונדז פון איר.

און אונדזערע חושים, ווי באַגרענעצט זיי זאָלן נישט

זײַן אין זייער אויפֿנעמען די וועלט, זײַנען זיי פֿונקציאָנעל פֿאַרט פֿאַר אונדז דער בעסטער באַווייז פֿאַר איר עקזיסטענץ.

און ס'איז נאַאיוו צו פֿאַרלייקענען זאַכן און דערשײַנונגען אין זייער עצם, — בלויז דערפֿאַר, ווײַל אונדזערע כּוחות זײַנען באַגרענעצט זיי אַבסאָלוט צו באַנעמען, ווי ס'איז ווידער נאַאיוו איבערצוטרײַבן מיט אונדזערע כּוחות-מעגלעכ-קייטן...

*

די חושים קענען אונדז, אמת, נישט געבן די פּנימיות פֿונעם געשען. זיי קענען אונדז נישט ווײַזן דעם תּוך פֿון די זאַכן און דערשײַנונגען, נאָר זייער אינערלעכן וועזן. זיי קענען אונדז אָבער מיט דער הילף פֿון פֿאַרשטאַנד געבן די זאַכן אין זייער גאַנצקייט, אין זייער רעאַליטעט. און דאָס מאַכט דער פֿאַרשטאַנד דורך זײַנע גרונט-פֿאָרמען און באַגריפֿן.

אויב דאָס אויג, למשל, איז זיך טועה אין אַ געוויסער פֿאָרעם פֿון אַ דערשײַנונג, ווי: אינעם זון-אויפֿגאַנג און אונ-טערגאַנג, אָדער אינעם דרייען זיך פֿון דער ערד אַרום דער זון, מיינט עס נאָך נישט, אַז די דערשײַנונג, אַן און פֿאַר זיך, ווי די זון און די ערד, איז נישט בנמצא, עקזיסטירט נישט.

דאָס מיינט נאָר, אַז דאָס אויג איז ניט גענוג שטאַרק אויפֿצוכאַפּן אַלע זײַטן און פֿאַזן פֿונעם דאָזיקן געשען. דאָס זעלבע איז אויך מיט די איבעריקע חושים, ווי מיט דער פֿאַר-שטאַנד-דערקענטעניש אַליין, וועמענס כּוחות זײַנען נישט אַבסאָלוט און ווירקן נאָר ביז אַ באַשטימטער גרענעץ.

און ער אַליין, דער בן-אדם, איז די בעסטע ראיה פֿאַר דער ווירקלעכער עקזיסטענץ פֿון דער וועלט. ער איז פֿאַר איר די בעסטע באַשטעטיקונג, נישט נאָר ווײַל ער איז זי פּסיכיש מחייב. ער רופֿט זי אַרויס דורך זײַן באַוווּנדערן איר שיינקייט און מאַכט, ווי דורך דעם אויסגעשטערנטן

סאַמעט־בלאָען הימל, דעם זון־פּאַרגיי און אויפגאַנג, און נישט נאָר וואָס ער איז זי אויך פיזיש־ביאָלאָגיש מחייב דורך זיין יעדן אַריינאַטעם און אַרויסאָטעם, נאָר ער איז זי מחייב דורך גאָר זיין עקזיסטענץ.

די זון און די לופט גיט אים נישט נאָר כוח און שיינ־קייט, נאָר דער עיקר לעבן. און ער וואָלט אָן דער וועלט, אין אַ ליידיקן רוים, נישט נאָר פיזיש נישט געקענט עקזיס־טירן, נאָר אויך נישט גייסטיק.

ער וואָלט נישט געהאַט קיין שום דערפאַרונגס־שטאָף פאַרן גייסט צו באַאַרבעטן. ער וואָלט נישט געהאַט קיין מאַטעריאַל פאַרן בנין, וואָס הייסט דאָס מענטשלעכע דענקען.

און דעריבער איז די הנחה פון די דענקער (אידעאַ־ליסטן), וואָס זאָגט, אַז אַלץ וואָס מיר באַגרייפן און באַנעמען וועגן דער וועלט (אויסערלעכער), איז נישט מער ווי דער אינהאַלט פון אונדזער אייגענעם באַוווּסטזיין, און מיטן פאַר־שווינדן פונעם דאָזיקן באַוווּסטזיין פאַרשווינדט אינאיינעם מיט אים די גאַנצע וועלט, ד. ה.: הימל און ערד, באַרג און טאָל, טייכן און ימים מיט אַלץ וואָס אין זיי — מער ווי נאַיוו.

זי איז זינלאָז און קעגן דעם שכל הישר. ס׳איז ווי אַ פאַרקערטער עקסטרעם פונעם נאַיוון רעאַליזם און אַ פאַר־דרייעניש פון די פאַקטן און לאָגיק.

ווייל אויף וויפל ס׳איז אמת, אַז מיטן פאַרשווינדן פונעם מענטשלעכן באַוווּסטזיין פאַרשווינדט אויך דער אינהאַלט פון זיין באַוווּסטזיין, געהער זיך דאָס אָבער גאָרנישט אָן מיט דער וועלט מחוץ אים, מיט די אמתע זאַכן און דער־שיינונגען פון דער וועלט, וועלכע בלייבן ווייטער אומ־אָפּהענגיק פון מענטשלעכן באַוווּסטזיין, אין גאָר זייער עקזיס־טענץ.

מחמת נישט די זאַכן און דערשיינונגען פון דער וועלט

נעמט דער לעבעדיקער באַוווּסטזיין אין זיך אַריין, נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון זיי.

דאָס מענטשלעכע אויג, ווי דאָס עלעקטרישע אויג פון דער קאַמעראַ, נעמט אויף אַ געוויסן אופן אין זיך אַריין בלויז דאָס אָפּבילד פון די זאַכן און דערשיינונגען, וואָס בילדן דעם אינהאַלט פונעם באַוווּסטזיין.

און נישט די זאַכן אַליין, און נאָר דער דאָזיקער אָפּ-שפּיגלענדיקער אינהאַלט פאַרשווינדט צוזאַמען מיט אים, דעם מענטש.

און ווי קען דאָס גאָר אַנדערש זיין?! ווי קען אַזאַ קליינער מוח אין זיך אַריינעמען, זאָגן מיר, אַ גאַנצן וואָלקנ-קראַצער, אָדער אַ וואַלד מיטביימער?...

*

אונדזער וויסן איז, אמת, גענוג באַגרענעצט. אָבער דאָס איז אונדז פונדעסטוועגן נישט מחייב אַלץ צו פאַרלייקענען. און אונדזער אויפגאַבע דאַרף זיין ווייטער צו פאָרשן און זוכן, וואָס מער צו שאַרפן אונדזער גייסט.

זוכן און פאָרשן, נישט נאָר דערפאַר, ווייל דאָס איז דער עצם-גרונט פונעם דענקען, דער ווילן צו קומען צום אויסדרוק, און נישט נאָר כדי אויך צו באַפרידיקן דאָס געפיל פון גייסטיקער שיינקייט, נאָר דער עיקר, כדי וואָס מער אַנטוויקלען לטובת דעם מענטש פונעם קנויל פון געשען...

### קאַפּיטל צוויי

## דערפאַרונג און וויסן

פונוואַנען נעמט זיך אונדזער דערפאַרונג און וויסן ? — די ראָל פון פאַרשטאַנד. — די באַגרענעצטקייט פון די חושים. — צי זיינען די פאַרשטעלונגען אָביעקטיוו ? — דער פאַרשטאַנד ווי אַ באַגרענעצט וויסן. — אַלץ קומט פון דער דערפאַרונג.

פונוואַנען נעמט זיך אונדזער דערפאַרונג און וויסן? ווי אַזוי נעמען מיר אויף און דערקענען די זאַכן און דער־שיינונגען מחוץ אונדז און אין אונדז גופא?

אונדזער וויסן נעמט זיך קודם כל פון דער דערפאַרונג פון די חושים. מיט דער הילף פון די סטימולן, וואָס דער מענטש קריגט פון דרויסן, נעמט ער אויף די איינדרוקן פון די זאַכן און דערשיינונגען, איבערגעבנדיק זיי צום באַוווּסט־זיין.

די נערוון, וועמענס פונקציע ס׳איז צו ברענגען דעם יחיד אין אַ וויסנדיקער שייכות מיט דער וועלט, אַנטוויקלען נערוו־אימפּולסן, וואָס רופן אַרויס עמפּינדונגען.

און די דאָזיקע עמפּינדונגען, ווי דאָס געצייג פון די חושים, ברענגען אַריין אין אונדזער מאַרך די פאַרשידענע איינדרוקן, דערהויפּט די איינדרוקן פון זען און הערן, וועלכע זיינען דער גרונט־פאַקטאָר פאַר אונדזער דרויסנדיקער דער־פאַרונג.

און צוזאַמען מיט דער געווירשנטער און אייגענער דער־פאַרונג פון קערפּער (דורך ספּעציעלע עמפּינדונגען) און מיט דער הילף פונעם פאַרשטאַנד, זיינען זיי, די חושים, די באַזע פאַר אונדזער דערפאַרונג און וויסן.

דער מאַרך באַשטייט פון פיל נערוון, קעמערלעך און נערוון־פעדים, וועלכע זיינען צווישן זיך געקניפּט און געבונדן אויף אַ גאָר וווּנדערלעכן אופן.

פון פאַרשידענע טיילן פונעם מאַרך טיילן זיך אויס באַזונדערע נערוון, וואָס נעמען אַרום דעם גאַנצן אויבער־פלאַך פון קערפּער, פאַרענדיקנדיק זיך ביי די באַזונדערע חושים.

די פאַרשידענע עמפּינדונגען קומען אויף דורך די רייצונ־גען פון די נערוון, וואָס ציען זיך פון די חושים צום מאַרך. דער עיקר אָבער פאַרן באַוווּסטזיין זיינען די עמפּינדונגען, וועלכע קומען פון דער אויסערלעכער וועלט.

און דער גאַנצער אָנגעזאַמלטער מאַטעריאַל פון די חושים, ווערט באַאַרבעט און אויסגעקלאָרט דורכן פאַרשטאַנד, מיט אַלע זיינע אַריינמישונגען, ווייל ער איז ניט קיין בלויזער פּאַסי־ווער פאַקטאָר. דער פאַרשטאַנד איז דער מקור פאַר אונדזער דערפאַרונג און וויסן.

גענוי ווי אַזוי די חושים מאַכן דאָס, ווי אַזוי זיי שטעלן צו די איינדרוקן צום צענטער פון באַוווּסטזיין, וווּ זיי ווערן אויפגענומען און דורכן פאַרשטאַנד באַאַרבעט און אויסגע־קלאָרט, ווייסן מיר נישט. און דאָס האָט נאָך קיינער נישט געזען.

מיר ווייסן נאָר, אַז דורך דער פאַרמיטלונג פון דער רעטינאַ (די אינעווייניקסטע, וויכטיקסטע הויט פונעם אויג), וועמענס אייגנשאַפט איז צו פאַרוואַנדלען די וויבראַציעס פונעם עטער אין אַ סטימול פאַר די פיברען פון זע־נערוו (אָפּטיקוס־נערוו), כאַפּט דאָס אויג אויף ווי אַ פאָטאָגראַ־פישער אַפּאַראַט אַן אָפּבילד פון די זאַכן און דערשיינונגען, איבערגעבנדיק עס צום זע־נערוו און דורך אים צום עמפּינ־דונגס־צענטער פון זען, וווּ עס בלייבט שוין איינגעקריצט אינעם מענטשלעכן זכרון, ווי אַ פּאָטענציעלע מעגלעכקייט

פאַר אַ ווייטערדיקן אַרויסרוף דורכן פּראָצעס פון פאַרשטעלן זיך. און דאָס קומט פאַר אַזוי גיך, אַזוי בליץ־אַרטיק, אַז מיר פילן נישט און ווייסן נישט ווען און ווי אַזוי דאָס געשעט.

דאָס זעלבע איז מיטן געהער, וועמענס אַלגעמיינע פונקציע איז אַריינצונעמען און איבערצוגעבן די לופט־וויבראַציעס פונעם אויער ביז צו די אויפנעם־צענטערן.

אַזוי אויך מיט אַלע איבעריקע חושים, וואָס זיינען די הויפּט־אינסטרומענטן פאַרן צושטעלן צום באַוווסטזיין דעם רוי־מאַטעריאַל צום באַאַרבעטן און אויספאַרטיקן.

און דאָס וואָס מיר ווייסן, וואָס מיר באַקומען פון זיי שוין ווי פאַרטיקע גייסט־פּראָדוקטן, איז מער נישט ווי אַ רעזולטאַט פון זייער ביידנס מיטאַרבעט, פון דער בשותּפותדיקער אַרבעט פון די חושים מיטן פאַרשטאַנד.

די ראָל פונעם פאַרשטאַנד איז אַ דעליקאַטע און שווערע, דערהויפּט נאָך ביי די אייגענע פיזישע און פּסיכישע עמפּינדונגען, וואָס קומען פון אינעווייניק. כאָטש אויך ביי די דרויסנדיקע עמפּינדונגען דאַרף ער זיך פאַנאַנדערנעמען אינעם גאַנצן קנויל פון אַריינגעקראָגענעם מאַטעריאַל, אים באַאַרבעטן און זיין דער אויסטייטשער פון דעם אַלץ.

זיין ראָל איז אויך צוליב דעם אַ שווערע, ווייל נישט נאָר האָט דער פאַרשטאַנד צו טאָן מיט די עמפּינדונגען, וואָס קומען אויף ווי אַ רעזולטאַט פון די קלאָרע, הגם אין תּוך באַגרענעצטע חושים, נאָר אויך דערפאַר, וואָס אָפטמאָל נעמט דער מענטש באַלד אויף מטושטשדיקע, פאַרנעפּלטע זעונגען און אומקלאָרע, אויסגעדאַכטע הערונגען.

נישט איינמאָל טרעפט, באַזונדערס אין די נעכט, אָדער אין אַ פאַרנעפּלטן, פאַרוואָלקנטן טאָג, בעת דער מענטש געפינט זיך אין אַ באַזונדער פיזיש־פּסיכישער לאַגע, ווי אין אַ שלעכטן געזונט, שווערע שטימונג און געדריקטקייט, ווען דער

מענטש גיט גלייך איבער צום באַוווּסטזיין אומקלאָרע, אָדער אויסגעדאַכטע זעאונגען און קלאַנגען.

און אַפילו ווען דער מענטש געפינט זיך ביים בעסטן געזונט, טרעפט ווען די חושים, אין זייער באַגרענעצטקייט, נאַרן אים אָפּ, פאַרפירן אים, און ער מוז דאַן אָנקומען צו דער הילף פונעם שכל ער זאָל אים אַרויסהעלפן, אים אַרויס־פּלאָנטערן פון זיין טעותדיקן געפּלאָנטער.

אַזוי איז, ווען מיר קוקן אויפן ווייטן האָריזאָנט דורך אַן אָפענעם פעלד אָדער טאָל, דאַכט זיך אונדז, ווי דער הימל גיסט זיך צונויף מיט דער ערד, ווערט איינס, ווי עס וואָלט גאָר קיין באַזונדערער הימל און ערד נישט געווען.

אַזוי מיט דער באַוועגונג, ווען אונדז דאַכט זיך, אַז נישט די באַן לויפט און באַוועגט זיך, נאָר גאָר דער וועג מיט אַלץ וואָס אויף אים לויפט אונדז פאַרביי און באַוועגט זיך, דאַקעגן די באַן שטייט אויף איין אָרט, אויף אַזאַ אופן ווערן מיר אויך אָפּגענאַרט, ווען אָפּהענגיק פון מרחק (דיסטאַנץ) צווישן אויג און אָביעקט (זאַך), ווערן אַלע פון דער ווייטנס זאַכן און דערשיינונגען פאַר אונדז פאַרקלענערט, שאַפנדיק אַ נישט־ריכטיק בילד פון דער ווירקלעכקייט.

דאָס איז, אמת, נישט די שולד פונעם אויג, וואָס קען נישט גרייכן צו יעדן פון זיך ווייטן קעגנשטאַנד, ווייל ווי אַ מענטש־לעכער אָרגאַן, איז צו זיין זע־קראַפט פאַראַן אַ גרענעץ. דעם פאַקט אָבער ענדערט עס נישט.

און דאָס פאַרקלענערן זיך פון די אָביעקטן פאַרקלענערט שוין במילא אויך דעם פריער־אויסזעענדיקן מרחק צווישן זיי, געבנדיק אונדז דעם איינדרוק, ווי די באַזונדערע אָביעקטן וואָלטן זיך דערנענטערט און צווישן זיך באַרירט.

אגב, פון אַזעלכע אומקלאָרקייטן, האַלבע זעאונגען, הע־רונגען און אויסדאַכטענישן, נעמען זיך אַלע איינרעדענישן. און מיט דער הילף פונעם מענטשנס פסיכישער נאַטור (זיינע

ווּנטש־קאָמפּלעקסן און געוווינהייטן) — ווערן געבוירן און אויפגעהאַלטן די זינלאָזסטע אַבערגלויבנס.

און די דאָזיקע מטושטשדיקע איינדרוקן און אומקלאָר־קייטן, וואָס זעצן זיך אָפּ אין די טיפעּנישן פון באַוווּסטזיין, מישן זיך אויס מיט די פריערדיקע, מער קלאָרע, פאַר־טונקלענדיק און צעמישנדיק דעם גאַנצן צונויפגענומענעם מאַטעריאַל, באַווירקנדיק אַזוי אַרום דעם אורטיילס־כוח פון פאַרשטאַנד.

*

מיר האָבן געזאָגט, אַז אונדזער וויסן נעמט זיך קודם כל פון דער דערפאַרונג, ד. ה. ווי אַ רעזולטאַט פון די חושימדיקע פאָרשטעלונגען און פון דעם שכל הישר. פרעגט זיך, צי זיינען די דאָזיקע פאָרשטעלונגען (אַפילו ווען פון קלאָרע זעאונגען), וואָס קומען אויף אין אונדזער באַוווּסטזיין ווי אַ פּיזיש־פסיכישע צוזאַמענווירקונג — אָביעקטיוו?

שפּיגלען זיי טאַקע אָפּ די זאַכן און דערשיינונגען אין זייער ריינערווירקלעכקייט? און אויב יאָ, צי גיבן זיי איבער דעם גאַנצן תוך פון דער זאַך, גאָר אין אינעווייניקסטן עצם?

כדי אויף דעם צו ענטפערן, לאָמיר זען וואָס עס מיינט, אינעם געוויינלעכן זין, וויסן. וויסן אינעם געוויינלעכן זין מיינט בלויז אויסערלעך, טיילווייז וויסן.

למשל, ווען איינער זאָגט, אַז ער קען די און די גאַס, מיינט ער דערמיט צו זאָגן, אַז ער קען דאָס אָרט, ווו די גאַס געפינט זיך און איר שייכות צו די איבעריקע גאַסן, און מער־ווייניקער דעם אויסערלעכן אויסזען פון אירע איינ־ריכטונגען, אָדער בנינים. ד. ה., בלויז איר אויסערלעכע לאַגע. ער קען אָבער ניט דעם אינעווייניק פון די בנינים, אַפילו נישט גאָר זייער צוזאַמענשטעל.

דאָס זעלבע, ווען איינער זאָגט „איך קען דאָס און דאָס הויז" — מיינט עס בלויז, אַז ער קען מער־ווייניקער די פאָרעם

פונעם הויז און די אַרומיקע לאַגע, אין וועלכער דאָס הויז געפינט זיך. ד. ה., זיין אויסערלעכע לאַגע, אָבער נישט זיין אינערלעכן מאַטעריעלן צוזאַמענשטעל.

אַזוי אויך איז מיטן אַלגעמיינעם מענטשלעכן וויסן, וואָס איז נישט מער ווי אַ טיילוויז, באַגרענעצט וויסן, אַ וויסן, וואָס איז באַגרענעצט בלויז צו דער אויסערלעכער זייט פון די זאַכן און דערשיינונגען, נישט דערגרייכנדיק צו זייער אינערלעכן תוך, צום עצם פון דער זאַך און דערשיינונג.

דאָס מענטשלעכע אויג און אויער זיינען באַגרענעצט אין כוח פון זייער אויפנעמען, ווי אַלע אָרגאַנען און פונקציעס אינעם מענטש זיינען באַגרענעצט אין זייער כוח.

און ווי דער מענטש בכלל, ווי אַ פיזיש-פּסיכישע נאַטור, איז באַגרענעצט, באַגרענעצט אין זיין דויער און אין פאַר־נעם פון זיין טעטיקייט, אַזוי אויך איז אַלץ וואָס אין אים, אַריינגערעכנט אויך זיין שכל, דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד, און במילא אויך זיין וויסן — באַגרענעצט.

און נישט נאָר דער מענטש, נאָר יעדע לעבעדיקע בריאה, אויך די שטאַרקסטע, איז באַגרענעצט אין איר כוח. אַזוי קען אויף זיך די שטאַרקסטע לאַסט-חיה טראָגן און שלעפּן בלויז ביז צו אַ געוויסער מאָס און וואָג.

שטאַרקייט און שוואַכקייט, ווי קליינקייט און גרויסקייט, זיינען נישט מער ווי רעלאַטיווע באַגריפן, רעלאַטיוו בלויז אין שייכות צו אַ צווייטער זאַך אָדער סוביעקט.

ווען, למשל, איך זאָג, אַז דער און דער מענטש איז אַ שטאַרקער, מיינט עס בלויז, אַז ער איז שטאַרקער פון אַ צווייטן, אַ שוואַכערן פון אים. און זיי ביידע, ווידער, זיינען שוואַכער פון אַ דריטן, אַ שטאַרקערן פון זיי ביידע.

אָבער אויך דער שטאַרקסטער מענטש אָדער חיה אין דער וועלט איז אַ גאָרנישט, באַגרענעצט, לגבי דער אייגענער, בפרט קעגן דער אַלגעמיינער נאַטור.

אַזוי אויך איז מיט געדאַנקען-גרויסקייט. ווען מיר זאָגן, אַז דער און דער איז אַ גרויסער מענטש, מיינט עס בלויז, אַז ער איז גרעסער אין וויסן, צי אין דענקען, פון אַנדערע פון זיין גלייכן. הגם לגבי דעם וויסן אין אַלגעמיין, אין באַצוג צום וויסן אַן און פאַר זיך, איז ער פּונקט אַזוי אומוויסנד, אַזוי באַגרענעצט אין זיין וויסן, ווי אַלע אַנדערע מענטשן.

און פּונקט אַזוי ווי צום מענטשלעכן פיזישן כוח איז פאַראַן אַ גרענעץ, אַזוי איז אויך, פאַרשטייט זיך, פאַראַן אַ גרענעץ צו זיין גייסטיקן כוח, צו זיין פאַרשטאַנד און צום כוח פון זיין דענקען.

*

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז דאָס מענטשלעכע וויסן נעמט זיך ווי אַ רעזולטאַט פון די חושים און פאַרשטאַנד. דער פאַרשטאַנד אָבער, מיט אַלע זיינע גייסטיקע ביי-כלים און פונקציעס, איז קודם כל געגעבן געוואָרן, קומט אויף ווי אַן אינסטרומענט, ווי אַ פּראַקטישער גייסט-אינסטרומענט, לטובת דעם לעבן, צוהילף דעם לעבנס-דערהאַלט.

ס'איז אָבער אויך אמת, אַז ווי אַלץ אינעם לעבן, האָט אויך דער פאַרשטאַנד אין לויף פון דער צייט זיך ווייטער אַנטוויקלט, איז ווייטער אַוועק פון זיין ערשטער אויפגאַבע צו זיין בלויז אַ פּראַקטישער לעבנס-פאַרשטאַנד, אַן עבד כנעני (אייביקער קנעכט) ביים לעבן

שוין לאַנג ווי ער איז אַרויס פון זיינע ענגע גרענעצן, און ער פּרוּווט שוין אויפן וועג פון זיין טראַכטן אויך אַרומ-נעמען אַנדערע, נישט בלויז פאַרן לעבן פּראַקטישע געדאַנקען.

זיין טראַכט-שטח האָט זיך פאַרגרעסערט, אַריינגעמענדיק אויך דעם ריינעם טעאָרעטישן געדאַנק. דאָך איז פאַרט די זאָרג פאַרן לעבן פון סוביעקט (פּערזאָן) נאָך אַלץ זיין גרונט-פונקציע און ערשטע זאָרג. און ער איז דעריבער, ווי אַלץ אינעם מענטש, אינעם מענטשלעכן לעבן, אונטערגעוואָרפן

די זעלבע פיזיש־פּסיכישע געזעצן, ווי אַלע אַנדערע דער־שיינונגען אינעם מענטש, וואָס קומען אויף און אַנטוויקלען זיך אינעם פּראָצעס פון זיין לעבן, ווי שפּראָצונגען קומען אויף און צעוואַקסן זיך דורך זריעה און רעגן.

און דאָס אַלץ, צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע לעבנס־פונקציעס מיט זייערע ווירקונגען און קעגן־ווירקונגען, זיינען ווי איינס אויסגעמישט אינעם מענטש. ווייל ווי די פונקציעס אינעם מענטש זאָלן אויף אַ געוויסן אופן נישט זיין אָפּגעזונדערט און צעטיילט, האָבן זיי נישט קיין פעסטע גרענעצן.

און ווען אַפילו זיי זיינען טיילמאָל שטאַרק צעטיילט און צווישן זיך צעקריגט, — מוזן זיי אָבער פאָרט צוליב דער עצם עקזיסטענץ פונעם מענטש, צוליב זיין קיום, זיך באַלד אויסגלייכן און זיך צוריק פאַראייניקן. און דאָס מיינט: אויפסניי זיך קעגנזייטיק באַווירקן.

אַזוי אויך איז מיטן מענטשלעכן געדאַנק. אויך דער געדאַנק, בפרט דער מער פּראַקטישער, מוז זיך, טראָץ זיינע וואַקלונגען און ספקות, ווי למשל: יאָ צו טאָן די און די זאַך, צי נישט? יאָ צו גיין דאָ און דאָרט, צי נישט? — סוף כל סוף זיך דעצידירן, אַנטשליסן.

ווייל אויך דער געדאַנק קען זיך ניט אין זיין נאַטור אייביק וואַקלען, זיין אין זיך צעריסן, צעקריגט. ער מוז קומען צו אַ געוויסן רעזולטאַט.

מחמת יעדע אומאַנטשלאָסנקייט, יעדע נישט־דעצידירט־קייט פונעם געדאַנק, איז אַ שטערונג צום ווילן פון אַקטי־וויטעט, וואָס איז דער תמצית פונעם לעבנס־כוח.

אַזוי אַרום איז דעם מענטשנס וויסן, ווי אַ רעזולטאַט פון זיין דערפאַרונג און פאַרשטאַנד, נישט קיין זעלבשטענדיק, פולקאָם וויסן, נאָר אַ באַגרענעצט מענטשלעך וויסן, וואָס איז, אויסער אַלץ, אויך אָפּהענגיק פון די געזעצן פון זיין

ביאָלאָגישער און פיזיש־פּסיכישער נאַטור, מיט אַלע אירע ווילנס, קאַפּריזן און ווידעראַנאַנדן.

און ער איז, דער פאַרשטאַנד, ווי אַ טייל פונעם גוף, נישט מער ווי אַ טייל פון דער פיזיש־פּסיכישער איינהייט און גאַנצקייט פונעם יחיד, פונעם מענטשלעכן „איך”, מיט אַלע זיינע באַגרענעצטע אייגנשאַפטן.

ער איז אָבער אויך, דער מענטש, נישט קיין בלויזע אָנגעשטעלטע מאַשין, וואָס אַרבעט מעכאַניש־איינזייטיק און געפּיללאָז, נאָר ער איז אויך אַ פאַרצווייגטער, קאָמפּליצירטער ביאָלאָגישער מעכאַניזם, פול מיט טונקלענישן, וועלענישן, גאַרענישן און בענקענישן.

און ער איז נישט קיין אַראָפּגעפאַלענער פון הימל, דער פאַרשטאַנד, נאָר ער קומט אויף און אַנטוויקלט זיך צוזאַמען מיט זיין סוביעקט, דעם מענטש.

זיינע אידייען און באַגריפן זיינען אויך נישט קיין אייביקע, אָדער מיטן שכל איינגעבוירענע פאָרמען, — נאָר דורכן געדאַנק אויסגעאַרבעטע סימנים און נעמען פאַר די זאַכן און דערשיינונגען, וועלכע מיר דערווערבן מיט דער הילף פון לערנען און דערפאַרונג, כדי זיך צו אָרדענען און גרינגער מאַכן דעם געדאַנקען־אויסדרוק.

דאָס ניי־געבוירן קינד ווייסט נישט פון קיין אידייען און באַגריפן, ווי עס האָט בכלל נישט קיין וויסן. ס'איינציקע נאָר, וואָס דאָס עופעלע „באַנעמט”, איז די ערשטע פּרימיטיווע לעבנס־געפילן (אינסטינקטן) פון הונגער און פּיין.

ערשט מיטן וואַקסן און אַנטוויקלען זיך פון זיינע ביאָלאָגישע כוחות, וואַקסן בהדרגה אויך אָן זיינע פּסיכיש־עמאָציאָנעלע כוחות. ווי גלייכצייטיק מיטן לערנען זיך גיין, לערנט עס זיך אויך רעדן.

דאָס איינציקע נאָר, מיט וואָס דאָס קינד קומט, איז מיט די געירשנטע אייגנשאַפטן פון זיינע אבות, און מיט

אַ פּאָטענץ (מעגלעכקייט) דורך דערפאַרונג און לערנען, זיך צו דערוועריבן אַ באַגרענעצטן וויסן.

און די דאָזיקע פּאָטענץ (מעגלעכקייט) געפינט זיך אין אַלץ: אינעם זאָמען פון קאָרן, אין קערנדל פון דער בלום, ווי אין מאַנס טראָפּן; אין דער לעבעדיקער, ווי אין דער נישט־לעבעדיקער נאַטור.

דער איינער אונטערשיד איז נאָר, וואָס די לעבעדיקע ברואים רופן זי אַרויס „מכוח אל הפועל" (צו ווירקן) דורך אייגענער איניציאַטיוו (דורכן ווילן), און די אומבאַלעבטע זאַכן ווערן באַוועגט דורך פרעמדער איניציאַטיוו. הגם אויף אַ געוויסן אופן (דורך אַ פיזיקאַלן, צי מעכאַנישן דרוק) ווייזן אויך זיי אַרויס איניציאַטיוו — אמת, אַן איינזייטיקע און מער באַגרענעצטע.

און אַלץ קומט קודם כל פון דער דערפאַרונג, פון דער ווירקלעכקייט, וואָס רינגלט אונדז אַרום. קיין פאַנטאַזיע און געדאַנק, קיין בילד און פאָרשטעלונג, איז נישט מחוצן זיין.

מעגן מיר אונדזערע געדאַנקען פעלשן, אָדער צעמישן, זיך טועה זיין אין זיי. מעגן מיר אונדזערע זעאונגען און בילדער פאַרקרימען, ווי אין אַ קרומען שפּיגל, וועלן די געדאַנקען און דער סדר פון די בילדער נישט שטימען. נאָר דער קערן, זייער תוך, וועט זיך נאָך אַלץ געפינען אינעם זיין. ווייל קיין זאַך איז נישט מחוץ דער דערפאַרונג, און גאָרנישט קען געזען און געטראַכט ווערן מחוצן זיין.

און ווי באַגרענעצט דער פאַרשטאַנד זאָל נישט זיין, קען ער מיטן חוש פון אָרדענונג (אַ באַזונדערער חוש), וואָס ער באַזיצט, ווייל אָן אים איז נישט מעגלעך קיין דענקען און פאַרשטעלן זיך (אויך דאָס איז אַ פּראַקטישע נויטווענדיקייט) — אין אונדזער לעבן אונדז אַ סך העלפן.

און קיין אַבסאָלוטער, אָביעקטיווער געדאַנק איז נישט בנמצא, איז נישט פאַראַן. ווייל אַלץ, וואָס דער מענטש

נעמט אויף און טוט, איז פּערזענלעך. גאָרנישט אינעם מענטש איז אומפּערזענלעך.

דער מענטש קען זיך פון זיך נישט אָפּרייסן, פון דער אייגענער הויט נישט אַרויס. אַפילו די געדאַנקלעכסטע אַבסטראַקציע נעמט ער אויף סוביעקטיוו. אויך אין זיין גאָט־בילד טראָגט ער אַריין זיין אייגן געשטאַלט און פאָרשטעלונג.

*

און דאָך מיינט דאָס אַלץ נישט אינגאַנצן צו נעגירן דעם מענטשנס וויסן, גאָר אינגאַנצן זיך דערמיט נישט צו רעכענען. דאָס וואָלט ווידער געמיינט אַריינצופאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם און נאָך מער צו פאַרפּלאָנטערן אונדזער לעבן.

ווייל ווי באַגרענעצט אונדזער וויסן זאָל נישט זיין, האָבן מיר קיין אַנדער וויסן נישט. און נישט נאָר וואָס מיר לעבן מיט דעם וויסן און דער גאַנצער יסוד פון אונדזער זיין איז אויף דעם געבויט, נאָר דאָס דאָזיקע באַגרענעצטע וויסן האָט אונדז אין דער פּראַקטיק פאָרט דערפירט צו פיל דעראָבערונגען.

און אויפן געביט פון פּראַקטישע דערגרייכונגען, באַזונ־דערס אין דער עלעקטראָניק און מעכאַניק, ווייזט דווקא לעצטנס דאָס וויסן אַרויס אַ גרויסע קראַפט, גאָר נישט אין קיין גלייכער פּראָפּאָרציע צום ריינעם גייסטיקן וויסן און צו דער עטיש־סאָציאַלער אויפפירונג פון דער געזעלשאַפט.

און ווען אַפילו מען וואָלט אונדז באַוויזן, אַז דאָס גאַנצע מענטשלעכע וויסן איז אַ ריינע פיקציע, אַ הוילע אויסדאַכ־טעניש פונעם מענטשלעכן באַוווסטזיין, וואָלטן מיר עס נישט אָנגענומען, ווי לאַנג נאָר ס'איז אַ טייל פון אונדזער „איך", פון אונדזער גאַנצער פיזיש־פּסיכישער קאָנסטרוקציע. און אויך אַ באַגרענעצט וויסן איז אַ וויסן, אויב נאָר עס העלפט און האַלט אונטער דעם קיום.

קאַפּיטל דריי

# מאַטעריע און גייסט

דער גייסט אין דער מאַטעריע. — דער מענטש און די שייכות צווישן זיין קערפּער און גייסט. — דער גייסט אָדער די נשמה. — די נשמה פאַר זיך. — די גראַדאַציעס און אייגנ־שאַפטן פון גייסט. — דעם גייסטס פּאָזיטיווסטער געזעץ. — דער טרייב־כוח פונעם מענטשלעכן לעבן. — דער גייסט ווי דער תוך פון לעבן.

מאַטעריע און גייסט איז איינס, איין זאַך — ווי ליכט מיט שיין. און ביי אַ געוויסן אופן פון איר אַנטוויקלונג, ווי ביים מענטש, גיט די מאַטעריע פון זיך אַרויס גייסט.

און דער גייסט אין דער מאַטעריע איז די ענערגיע, וואָס ליגט אין איר ווי אַ פּאָטענץ (מעגלעכקייט) צו ווירקן, צו ווערן אויף אַ געוויסן אופן באַלעבט.

און אַלץ אין דער נאַטור, ווי דער גאַנצער זיין — איז מאַטעריע און גייסט. יעדע מאַטעריע, אויך די נידעריקסטע, נישט-לעבעדיקע, טראָגט אין זיך אויף אַ געוויסן אופן איר גייסט, איר פּאָטענציעלן כוח צו ווירקן, ווי יעדע בריאה, אויך די נידעריקסטע, טראָגט אין זיך איר לעבנס-אינטעלי־גענץ.

דער חילוק נאָר פונעם גייסט אין יעדער באַזונדערער מאַטעריע, ווי אָרגאַנישע און נישט-אָרגאַנישע, איז בלויז אַ שטופן-אונטערשיד, אַן אונטערשיד אין דער מדרגה. וואָס העכער און באַלעבטער די מאַטעריע איז, אַלץ העכער און שטאַרקער איז דער כוח פון איר גייסט.

אין דער נישט-אָרגאַנישער נאַטור (אומבאַלעבטער) גע־פינט זיך דער גייסט אין זיין נידעריקסטער שטופע; אין דער געוויקסן-וועלט אין אַ העכערער, אין דער חיות-וועלט — אין אַ נאָך העכערער.

און אין דער מענטשן-וועלט איז דער גייסט, טראָץ זיין באַגרענעצטקייט, אין דער העכסטער פון זיי מדרגה, וועמען עס שטייגט נאָך איבער די מדרגה פון דער העכסטער סוב־סטאַנץ (ערשטע סיבה), צו וועלכער מיר קענען זיך נישט דערגרונטעווען.

און פאַראַן איז בלויז איין-איינציקער אוניווערסאַלער תוך (זאַך, סובסטאַנץ), וואָס איז אונדז באַקאַנט דורך די אופנים פון מאַטעריע (שטאָף) און גייסט (דענקען), וועלכע זיינען אין גרונט איינס, איין זאַך פונעם זיין.

און קיין מאַטעריע אָן איר סאָרט גייסט — איז נישט בנמצא. יעדעס זאַמדעלע, יעדעס פיצל מאַטעריע אין דער נאַטור האָט זיין מאַסע, זיין ענערגיע, וואָס קען פון איר רו-צושטאַנד איבערגיין אין אַ צושטאַנד פון באַוועגונג און אין אַן-צאַליקע פאָרמען פאַרוואַנדלט ווערן.

צוליב דעם, וואָס די זאַכן אין דער נאַטור זיינען צוזאַ־מענגעזעצטע, זיי באַשטייען פון פאַרשידענע טיילן, זיינען דעריבער די עלעמענטן אין דער נאַטור, ווי די פּראָצעסן פון זייערע אומוואַנדלונגען (דאָס איבערגיין פון איין צושטאַנד אין אַ צווייטן), אָן אַ שיעור, און דערפאַר די שוועריקייט צו דערגיין צו זייער תוך.

און הגם צום פאַרוואָס פון די זאַכן (פאַרוואָס זיי זיינען אַזוי און נישט אַנדערש) — וועלן מיר נישט דערגיין, קענען מיר אָבער, מיט דער הילף פון פאָרשן און עקספּערימענטירן, זיך דערגרונטעווען צום פּראַקטישן ווי אַזוי פון זייער אַרבעט און אַזוי אַרום שטייגערן און באַרייכערן דאָס מענטשלעכע לעבן.

*

ווי אַלץ אין דער נאַטור, אינעם זיין, — באַשטייט אויך דער מענטש פון מאַטעריע און גייסט. זיין מאַטעריע, דער מענטשלעכער קערפּער, איז, אמת, ווי ביים גאַנצן לעבעדיקן באַשאַף, — פון אַן אַנדער סאָרט מאַטעריע, פון אַ לעבעדיקער, העכערער מאַטעריע.

און נישט נאָר איז די לעבעדיקע מאַטעריע אַ מער פאַרצווייגטע און אָרגאַניזירטע פון אַלע מאַטעריעס, נאָר איז ביים מענטש, אַדאַנק זיין גייסט, זיין לעבנס אייגענעם באַשאַף — אויסגעוואַקסן צו דער העכסטער פאָרעם פון לעבעדיקער מאַטעריע.

און די שייכות צווישן זיין קערפּער און גייסט איז ווי צווישן דעם קערפּער און זיינע טיילן, אַן ענגע, אַן איינהייטלעכע. ס׳איז נישט געמאָלט קיין מענטשלעכער קערפּער אָן זיין גייסט, ווי ס׳איז נישט בנמצא קיין מענטשלעכער גייסט אָן זיין קערפּער.

דער גייסט באַנעמט די עקזיסטענץ פון זיין קערפּער, ווען ער באַווירקט, ווי דער קערפּער באַנעמט (פילט) די עקזיסטענץ פון זיין גייסט, דורך ווען ער ווערט באַווירקט.

דאָס וויסן אָבער פונעם גייסט וועגן זיין קערפּער איז אַן אַלגעמיין וויסן, ווי דאָס וויסן (פילן) פונעם קערפּער וועגן זיין גייסט איז אַן אַלגעמיין פילן. און דער גייסט קען נאָר אַזוי לאַנג אָנגיין מיט זיין טעטיקייט (דענקען און פאָרשטעלן זיך), ווי לאַנג נאָר דער קערפּער עקזיסטירט.

דער גייסט אין זיין באַגרענעצטקייט האָט נישט קיין ידיעה וועגן די באַזונדערע טיילן פונעם קערפּער, ווי דער מענטש זעט נישט די זאַכן, וואָס זיינען פאַרבאָרגן פון זיין אויג. ער קען נישט און באַנעמט נישט די אינערלעכע פּראָצעסן פון זייער געשען, ווי ער באַגרייפט נישט פיל פּראָצעסן פון זיין אייגענעם געשען.

ער באַגרייפט אָבער דעם קערפּער אין זיין אַקטועלער עקזיסטענץ, ווי ער באַגרייפט זיך אַליין אין זיין אַקטועלן זיין. און דאָס ווערט אונדז קלאָר פון זיין נאַטור, פון דער נאַטור פון די פאָרשטעלונגען.

יעדע פאָרשטעלונג, אַ פאַרגאַנגענע ווי אַ צוקונפטיקע, וואָס דער זכרון רופט אַרויס, מוז זיך דער גייסט איר פאָר־שטעלן ווי אַן אַקטועל איצטיקע, ווי עס וואָלט אַצינד געשען פאַר אונדזערע אויגן.

אַז דער מענטשלעכער גייסט און קערפּער זיינען געבונדן אין איין איינהייט, ווייסן מיר, דער עיקר, פון די קעגנזייטיקע ווירקונגען און באַווירקונגען פון איינעם אויפן אַנדערן. אַזוי ווייסן מיר, ווי אין אַ שלעכטן וועטער ענדערט זיך תיכף ומיד די מענטשלעכע שטימונג. דאַקעגן ווערט דער מענטש דערפרייט, פריידיק אויפגערירט, ביים אויפשיינען פון דער זון.

ביי אַ שטאַרקן ווייטיק ווערן תיכף ומיד נישט נאָר אַלע איבעריקע געפילן אַטראָפירט, נאָר אויך יעדע גייסטיקע טעטיקייט ווערט תיכף אָפּגעשטעלט. און ווי, למשל, דער שרייבער זאָל זיך נישט קאָנצענטרירן אויף זיינע געדאַנקען, וועט עס אים נישט העלפן.

און פאַרקערט ווידער, ווען דעם פּאָעט גיט זיך איין זיין ליד, אָדער דעם דענקער זיין געדאַנקען־פאָרמולירונג, און ער ווערט דאַן אָנגעפילט מיט פרייד, פרייט זיך דאַן נישט נאָר דער גייסט, נאָר אויך דער גוף, גאָר זיין לייב און לעבן.

אַזוי ווייסן מיר אויך, אַז ביי יעדער אויפלעזונג פון דער ליידנשאַפטלעכער סעקסועלער עמאָציע, שטאַרבט באותו הרגע אַלץ אינעם מענטש אָפּ, ווערט אַלץ אין אים, ס׳פיזישע ווי ס׳גייסטיקע, אויף אַ מאָמענט אַטראָפירט.

און ווייטער ווייסן מיר וועגן דער שטאַרקער ווירקונג, וואָס עס האָט דאָס טראַכטן איבערן סעקסועלן אָביעקט אויף

דער פאַרשטעלונג און אויפן גאַנצן אָרגאַניזם. און דאָס מיינט, אַז ריינע ליידנשאַפטלעכע עמאָציעס פונעם קערפּער פאַרכאַפּן פונקט אַזוי דעם גייסט ווי דעם קערפּער.

אויך ווייסן מיר, אַז ווען ביי איינעם ווערט אָפּגעשוואַכט דער זכרון און ער פאַרגעסט אַ געוויסע זאַך, אָדער אַ געדאַנק, טרעפט אָפט, אַז ער קריגט אַ געפיל (אַ מין אומקלאָרע ידיעה), אַז עס פעלט אים עפּעס, כאָטש ער ווייסט נישט קלאָר וואָס עס פעלט אים, ביז ער דערמאָנט זיך צוריק אין דער פעלנדיקער זאַך אָדער געדאַנק. און דאָס דאָזיקע אומקלאָרע געפיל איז, ווי די פאַרשטעלונג, אַ דערשיינונג פונעם קערפּער, וואָס קומט אינעם קריטישן מאָמענט דעם גייסט צו הילף.

ווען דער גוף ליידט, ליידט אויך דער גייסט. און ווידער, ווען דער גייסט ליידט, ליידט אויך דער קערפּער. פיזישע קראַנקהייטן ווירקן פונקט אַזוי אויפן גייסט, ווי גייסטיקע אויפן גוף.

אויף וויפל קלאָר דענקען קען נאָר זיין ביי אַ געזעצט און רואיק געמיט, און ביי אַן ענגער קאָנצענטראַציע איבערן אָביעקט פונעם דענקען, קען עס אָבער אַנדערש נישט פאָרקומען, ווי נאָר ביי אַ פולער האַרמאָניע פונעם מענטשנס גייסטיקע און פיזישע כוחות.

אַז מאַטעריע און גייסט איז אין תוך איינס, ווייזט די קעגנזייטיקע אָפּהענגיקייט פונעם קערפּער און גייסט אינעם מענטש גופא. און דאָס ווייזט נישט נאָר, אַז אָן דער סטימולירנדיקער פאַרשטעלונג פונעם קערפּער איז דער גייסט אומפעאיק צו דענקען, נאָר אויך, אַז ביי קאָנפליקטאַרטיקע עמאָציעס און געדאַנקען, — ווערט דער גייסט ווי צעמישט, און ביידע, קערפּער און גייסט, ליידן צוגלייך.

*

פיזיאָלאָגיש איז דער מענטשלעכער קערפּער, וואָס באַ-

שטייט פון געוועבן, ביינער און מוסקולן, און וואָס איז אַ צוזאַמענגעזעצטער אָרגאַניזם פון פאַרשידענע טיילן און פונקציעס, וואָס העלפן זיך קעגנזייטיק אַרויס — ווי אַ פּרע־ציזער מעכאַניזם, וואָס פאַרוואַלטעט זיך אַליין.

ער איז אָבער אויך אָפּהענגיק פון די פיזישע און כעמישע געזעצן פון דער אומאָרגאַנישער וועלט, און דער עיקר, פון זיין אייגענעם רעגולירנדיקן אָרגאַן, דעם גייסט, וואָס פירט מיט אים אָן און קאָאָרדינירט גאָר זיינע טעטיקייטן.

*

דער גייסט, אָדער די נשמה (אָטעם), ווי מען האָט זי אַמאָל גערופן, ווייל צוליבן פּראָצעס פון אָטעמען, פון אַריינ־אָטעמען און אַרויסאָטעמען די לופט, האָט מען זיך פאָר־געשטעלט די נשמה ווי עפּעס אַ באַזונדערע מחוצן גוף באַוועגלעכע זאַך, וואָס קומט אין אים אַריין און גייט פון אים אַרויס, ווען דער מענטש שטאַרבט.

אַזוי אויך האָט מען שפּעטער געמיינט, אַז די נשמה איז — דאָס בלוט. „כי הדם הוא הנפש” (ראה י״ב), ווייל דאָס בלוט (די בלוט־צירקולאַציע) איז אַ גרונט־פונקציע פונעם לעבן.

אין גריכנלאַנד, אין לאַנד פון די פילאָזאָפישע דענקער, קומען שוין אויף מער דורכגעטראַכטע פאָרשטעלונגען וועגן דער נשמה.

העראַקליט (6־טער יאָרהונדערט פאַר קריסטוס), וואָס האָט דער ערשטער באַטראַכט די באַוועגונג פאַרן פּרינציפּ פון דער וועלט, האַלט די נשמה פאַר אַ מין צאַרטע מאַטעריע פון וואַרעמקייט, וואָס וואַנדלט אַרום אָן רו און אָפּהאַלט („די לעבעדיקסטע, צאַרטסטע, געטלעכסטע מאַטעריע פון וואַרעמקייט”).

פּערמאַנידעס זעט אין דער נשמה „אַ מישונג פון קאַלט־קייט און וואַרעמקייט”.

דער מאַטעריאַליסט דעמאָקריט (צווישן 470 און 380), דער באַגרינדער פון דער באַוועגונג פון די אומטיילבאַרע אַטאָמען, דערקלערט אויך די נשמה אַלס די באַוועגונג פון פייערדיקע, קײַלעכדיקע, גלאַטע, דערפאַר זייער באַוועגלעכע, אַטאָמען.

פּלאַטאָן (428—347), וואָס קוקט שוין אויף דער נשמה מיט נישט קיין ריין מאַטעריאַליסטישע אויגן, פאַלט ווידער אַריין אין אַ פאַנטאַסטיש-מיסטישער איבערטרייבונג, דורך זיין לערע, אַז די נשמה שטאַמט פונעם „עולם האצילות", פון דער וועלט פון די אייביקע אידייען, וואָס איז די איינציקע ווירקלעכקייט און עקזיסטירט נאָך פאַרן באַשאַף.

די נשמה, זאָגט ער, וואָס קומט אַראָפּ פון דער אידייען-וועלט און גייט אַריין אינעם גוף, פאַרלירט דורך דעם אַ טייל פון איר פריערדיקער ריינקייט און הייליקייט.

זי ווערט פאַרטונקלט דורך די תאוות, און נאָכן טויט מוז זי זיך דערפאַר לייטערן און רייניקן, ביז זי לייטערט זיך אויס און קומט צוריק אַריין אין דער וועלט פון די אידייען.

דער איינער פאַרדינסט פון פּלאַטאָנען באַשטייט אין דעם, וואָס ער באַטראַכט שוין די נשמה ווי אַ גייסטיקן עצם (גייסטיקע זאַך) און נישט ווי אַ מאַטעריעלן חומר (מאַטעריע).

אויך אַריסטאָטעל (384—322), דער פילאָזאָף און באַריי-כערער פון מענטשלעכן וויסן, זעט שוין, ווי פּלאַטאָן, אַז די נשמה איז נישט עפּעס קיין מאַטעריעלער חומר (קערפּער), נאָר גייסט.

די נשמה, מיינט ער, איז דער געשטאַלטנדיקער פּרינציפּ פונעם לעבעדיקן גוף. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז פאַר אונדז, וואָס ער זעט די פאַרבינדונג, די שייכות צווישן די דערשיי-נונגען פון קערפּער און גייסט.

דער רמב"ם (1135—1204) באַטראַכט די נשמה ווי אַ זיך אַליין אַנטוויקלענדיקן גייסטיקן עצם. איר שכלדיקער טייל,

מיינט ער, שטאַמט פונעם ערדישן „שכל הפועל" (ווירקנדיקן שכל). לויט אים זיינען אַלע „גלגלים" (פּלאַנעטן) לעבעדיקע און האָבן באַזונדערע נשמות („שכליים נפרדים"), און במילא האָט אויך די ערד אַ נשמה, אַ „שכל הפועל", פון וועמען עס שטאַמט אָפּ די מענטשלעכע נשמה, דער שכלדיקער טייל פון איר (מו"נ, חלק שני, פרק ד').

זי קומט אָבער אויף ווי אַ בלויזע מעגלעכקייט (פּאָטענץ). ערשט דורכן מענטשנס פאָרשן און לערנען, דורך זיין דענקערישער טעטיקייט, ווערט זי אַרויסגערופן אין דער ווירקלעכקייט, זי פאַראייניקט זיך דורכן שכל מיטן אייביקן שכל הפועל און ווערט דאַן אומשטערבלעך.*

לויטן רלב"ג (ר' לוי בן גרשון — 1344—1288) איז דער שכל, אָדער די נשמה, וואָס ווערט געבוירן מיטן מענטשן, נישט מער ווי אַ פעאיקייט, אָדער איינגעשאַפּט פונעם מענטשלעכן קערפּער.

די דאָזיקע פעאיקייט געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון מעגלעכקייט (בכוח) און ווערט אַרויסגערופן אין דער ווירקלעכקייט (בפועל) בלויז, ווען די אור־מאַטעריע, וואָס האָט דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה, איז פעאיק פון זיך אַליין אַרויסצואַנטוויקלען דעם שכל.

די מדרגה אָבער פון יעדן איינעמס שכל (נשמה) איז אָפּהענגיק פון דער מאָס פון זיין לערנען און פאָרשן. וואָס מער איינער פאַרטיפט זיך אין אַלערליי פראַגן, אַלץ אַ שטאַרקערן און גרעסערן שכל דערווערבט ער זיך. דעריבער הייסט ביי אים דער אינדיווידועלער שכל — „שכל הנקנה", דער דערוואָרבענער שכל, וואָס בלייבט, לויט דער מדרגה פון זיין וויסן און גוטע מעשים, אומשטערבלעך (ד"ר א. גינזבורג,

* דאָס דרינגט אַרויס פונעם רמבמ"ס „מורה נבוכים" אַליין, אין פאַרשידענע ערטער, און אין זיינע אַנדערע ספרים.

„יידישער דענקער און פּאָעטן אין מיטלאַלטער", ב. 2„ 1919, ז' 117—120).

און דאָ דערנענטערן מיר זיך צום אמת. ווייל דער אמת איז, אַז דער גייסט און דער גוף זיינען ביידע נישט מער ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון דער אַרומנעמענדיקער איינהייט און גאַנצקייט פונעם יחיד, פון גאָר זיין לעבנס־איך.

ער איז אָבער, דער יחיד, ווי אַן איינהייט און גאַנצקייט, מער ווי אַ בלויזע פאַראייניקונג פון אָרגאַנען, אַפילו מער ווי די פונקציעס פון גייסט און גוף צוזאַמענגענומען. מער, און אויך אַנדערש.

וואָס זשע איז די נשמה פאַר זיך?

די נשמה (דער גייסט) פאַר זיך איז אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, וואָס האָט אַן ענגע שייכות מיטן קערפּער און וועמענס גייסטיקע דערשיינונגען נעסטן אינעם מאַרך.

די נערוון, וועלכע גייען פון די חושים צום מאַרך און ברענגען אַריין די פאַרשידענע עמפּינדונגען פון דער דרויסנ־דיקער וועלט, צעצווייגן זיך אינעם מאַרך אין די פאַרשידנסטע ריכטונגען.

די עמפּינדונגען קומען פאַר אין דער נשמה אויף אַ גע־זעצמעסיקן אופן. זיי זיינען אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט די רייצונגען פון די נערוון אין מאַרך און באַשטעטיקן די איינהייטלעכקייט פון קערפּער און גייסט.

די נשמה און מאַרך, ווי גייסט און מאַטעריע, זיינען נישט קיין צוויי באַזונדערע זאַכן, נאָר איין זאַך, וואָס לאָזט פון זיך וויסן אויף צוויי באַזונדערע אופנים.

זי לאָזט פון זיך וויסן אָן שום הילף פון דרויסן, ווי אַ צונויפנעם פון עמפּינדונגען, פאָרשטעלונגען, געפילן, גאַרע־נישן און ווילענישן, וואָס דאָס אַלץ צוזאַמען רופן מיר נשמה (גייסט).

פאַר אַנדערע לאָזט זי זיך דערקענען אַלס אַ ווייכע

מאַטעריע (שטאָף), וואָס פאַרנעמט אַן אָרט און באַשטייט פון פאַרשיידענע נערוון־פּעדים און קעמערלעך (צעלן), אַלס אַ מאַרך.

ווי אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם אָבער (גייסטיקער) פאַר זיך, האָט אויך די נשמה איר לעבן. אויך די נשמה וויל קודם כל זיך אַליין דערהאַלטן. און ערשט מיטן דערהאַלטן זיך, זיך אויך אויסלעבן דורך אַ גייסטיקן באַרייכערן און דערהויבן.

די עמפּינדונגען (אויפנעמען) זיינען פאַר דער נשמה דער באַווייז פון דער דרויסנדיקער וועלט, פון איר עקזיסטענץ און זיין. צו וויסן אָבער וואָס די דאָזיקע דרויסן־וועלט שטעלט מיט זיך פאָר מחוץ אונדזערע חושים, אין וואָס עס באַשטייט איר סאַמע תוך, וועגן דעם איז שוין אונדזער וויסן באַגרע־נעצט. דאָס איז אַן ענין פון מעטאַפיזישע שפּעקולאַציעס.

פאַר אונדז אָבער איז גענוג, אַז די וועלט איז צוגענגלעך צו אונדזערע חושים, אַז מיר נעמען זי פּראַקטיש אויף און לעבן מיט איר.

*

דער גייסט איז אָבער נישט קיין הפקר־פּאַפּיר, אויף וועלכן ווער עס וויל שרייבט אויף אים. און הגם ער קומט לכתחילה אויף אַ ליידיקער און, ווי דער גוף, אָן כוחות (אַ חוץ דעם געפיל פון הונגער און פּיין, וואָס שוין דאָס עופעלע האָט), קומט ער אָבער שוין מיט די געירשנטע כאַראַקטער־שטריכן און אייגנשאַפטן פון זיינע אָבות.

דער עיקר, אָבער, איז ער אַ לעבעדיקער, אַקטיווער אָרגאַניזם, וואָס רופט זיך אָפּ אויף אַלע פאָרקומענישן אין דער וועלט, געזעלשאַפט און סביבה, אריינמישנדיק זיך אין זיי מיט געפיל, געדאַנק און ווילן, לויט זיין טעמפּעראַמענט, געדאַנקען און פאָרשטעלונגען.

און אַלץ אין אים ווערט באַגלייט מיט די געפילן פון פרייד און טרויער, אין הסכם מיטן אינסטינקט פון אַליין־

דערהאַלט (קיום). אַלץ וואָס איז נוצלעך און העלפֿט דעם לעבן (פֿיזישן און גייסטיקן), נעמט ער אויף מיט פֿרייד. ווידער, אַלץ וואָס איז שעדלעך און שטערט דעם לעבן, נעמט ער אויף מיט אַ געפֿיל פֿון טרויער.

און ווי דער גייסט קומט אויף מיטן גוף, אַזוי גייט ער מיט אים אַוועק, ווען אַלץ אינעם מענטש שטאַרבט אָפּ. און כאָטש דער גוף אַליין ווי אַ מאַטעריעלער עפּעס — פֿאַרשווינדט נישט, ער גייט נאָר איבער אין אַנדערע פֿאָר־מען, איז ער אָבער פֿאַרן עצם לעבן, פֿאַר אַ מענטשלעך לעבן אין זיין פֿריערדיקן באַשטאַנד, ווי פֿאַר זיין סביבה און נאָענטע, אַ קנאַפּע טרייסט.

אייביק נאָר איז די וועלט און דער מענטשן־מין (אויך די איבעריקע מינים), ווי לאַנג נאָר עפּעס אַ קאַטאַקליזם ברענגט אים נישט אום. אויך דער געשיכטע־זכרון בלייבט, ווי לאַנג עס בלייבט דער מענטשן־מין, און מיט דעם אויך דער זכרון פֿון די באַזונדערע אין דער געשיכטע איינגעקריצטע יחידים (ווער מער, ווער ווייניקער).

*

ווי אַ טייל פֿונעם אייגענעם לעבן און לויט זיינע פֿונקציעס און שייכותן, האָט זיך דער גייסט זיינע גראַדאַציעס און איינגנשאַפֿטן. די פּראַקטישע לעבנס־פֿונקציעס, וואָס דער גייסט פֿירט אוים און רעגולירט, דאָס זיין טעטיק, פֿרייד פֿון אַקטיוויטעט, געפֿילן פֿון ווייטיק, פֿון אומרו און שרעק א. א. וו., זיינען, אַזוי צו זאָגן, דער טייל פֿונעם קערפּערלעכן גייסט.

דאַקעגן, די ריינע גייסטיקע פֿונקציעס, וואָס דער גייסט נעמט אַרום, ווי דאָס טראַכטן און פֿאַרשטעלן זיך און אַלע גייסטיקע הנאות, געהערן צו דער נשמה פֿונעם גייסט, צו דער נשמה פֿון דער נשמה (אינעם פּסיכישן זין).

דעם מאַטעריאַל פֿאַר זיין טעטיקייט קריגט דער גייסט

פון זיך, פון אייגענעם גוף, און פון דרויסן. פון זיך קריגט ער קודם כל די געפילן־עמפינדונגען, וועלכע זיינען דער הויפט־אָנשפּאַר פאַר זיין אייגענעם קיום.

און פון דרויסן די אַלע סטימולן, וואָס ברענגען אים די ידיעות פון דער וועלט, וועלכע זיינען די הויפּט־באַזע פאַר זיינע געדאַנקען און פאָרשטעלונגען, פון וועלכע אַ טייל זיינען אויך סיגנאַלן פאַרן אייגענעם דערהאַלט (ווי וואָרענונגען פאַר אַ שטורעם, פאַרפלייצונג) א. א. וו.

אַ חוץ אָבער דער רעגולירנדיקער ראָל, און דער עיקר, די זאָרג פאַרן אַליין־דערהאַלט, וואָס דער גייסט האָט, צוליב וואָס ס׳איז ביים מענטשן אויפגעקומען די גאַנצע אינסטינקטן־ און געפילן־וועלט, האָט ער אויך, ווי יעדער אָרגאַן אין קער־פּער, ווי אַן עצם פאַר זיך, זיינע אייגענע באַדערפענישן, נויטן און געוווינהייטן, פון וועלכע איינע אַזאַ גרונט־באַדער־פעניש איז דער ווילן נתגלה צו ווערן: דורך מעשים אַנטפּלעקט צו ווערן, צו קומען צום אויסדרוק.

וואָרעם ווי מיר דערקענען און באַנעמען זיך דורך אים ווי אַ סוביעקט, ווי אַ פּערזאָן, אַ באַזונדערער „איך", אַזוי וויל ער, ווי אַלץ אין דער נאַטור, אַליין אויך נתגלה ווערן, קומען צום אויסדרוק.

ווייל וואָלט די גרונט־אייגנשאַפט פונעם מענטש, ווי פון דער גאַנצער נאַטור, נישט געווען דאָס אַנטפּלעקן זיך אין מעשים, וואָלט דאַן דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן געווען איין קייט פון פּאַסיוויטעט, פון פאַרגליווערונג, וואָס איז דער קעגנזאַץ פונעם לעבן, פונעם גאַנצן זיין, וועמענס עצם נאַטור איז דער דינאַמיזם.

און דאָס דאָזיקע, דעם גייסטס באַזונדערע באַדערפענישן, ווי אויך דער ווילן צו קומען צום אויסדרוק, צו זיין אַקטיוו, מאַכט קאָמפּליצירטער און פאַרצווייגטער דאָס פּסיכישע לעבן, שאַפנדיק אַזוי אַרום, אַ חוץ די גרונט־געזעצן פונעם

גייסט, ווי די פאָרמען פונעם דענקען און פאָרשטעלן זיך, אויך זיינע באַזונדערע געזעצן, נויטווענדיקייטן און געוווינ־הייטן.

צו די גרונט־אייגנשאַפטן פונעם מענטשלעכן גייסט, פונעם דענקען, געהערט קודם כל די פונקציע פון זכרון, פון געדענ־קען. מחמת דענקען אָן געדענקען איז נישט בנמצא.

און דער זכרון איז נאָכן האַרץ דער וויכטיקסטער אָרגאַן, נישט נאָר פונעם מענטשלעכן געדאַנק און פאָרשטעלונג, נאָר פונעם מענטשלעכן לעבן בכלל.

ווייל אָן דעם זכרון וואָלט כמעט אַלץ אינעם מענטש גע־ווען ווי געליימט. כאָטש דאָס האַרץ אין אים וואָלט ווייטער געקלאַפּט, און אויך די איבעריקע אין אים אָרגאַנען וואָלטן פונקציאָנירט.

דער מענטש אָבער וואָלט געווען אָן וויסן, און זיינע אָרגאַנען וואָלטן פאָרלוירן יעדע פאַרבינדונג צווישן זיך. און נישט נאָר וואָלט ער זיך מיט זיינע אברים נישט געקענט באַנוצן, נאָר ער וואָלט זיך ווי אַ געליימטער גלייך נישט גערירט פון אָרט.

ווייל דער זכרון איז דער, וואָס נעמט צונויף אַלע איינ־דרוקן און דערפאַרונגען פונעם מענטש און שליסט זיי איין אין זיין באַזונדערן אוצר, כדי זיי אויפצוהאַלטן און אַרוים־רופן ביי יעדן נויטווענדיקן מאָמענט.

ער האַלט וואַך אונדזער געדאַנק און בינדט אונדז אָן אין פאָדעם פונעם אַלגעמיינעם און אייגענעם געשעען. ער שליסט אין אונדז איין דאָס פאַרגאַנגענע און קומענדיקע און שטעלט עס פאַר אונדז פאָר ווי איין איצטיק געשעען.

און טראָץ דער דאָזיקער טבע פונעם זכרון, טראָץ זיין פּאָזיטיוון פאַר אונדז אופן פון ווירקן, וויכט ער לויט דער נויטווענדיקייט אויך אַמאָל אָפּ פון זיין אייגענער נאַטור, שוואַכט ער אָפּ, אָדער מעקט אויס אַ טייל פון זיינע אייגענע

זכרונות (אויך ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען), כדי אינעם זכרון־„קאַמער״ צו מאַכן אַן אָרט פאַר וויכטיקערע פאַרן לעבן זכרונות און איינדרוקן.

נאָר צום גייסטס פּאָזיטיווסטן געזעץ געהערט דער געזעץ פון סיסטעם און אָרדענונג, וואָס ער טראָגט אין אונדז אַריין, אינעם אייגענעם דענקען.

דער דאָזיקער חוש (אַ באַזונדערער חוש) פאַר אָרדענונג און סיסטעם פון אונדזער גייסט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אידייען און באַגריפן, וואָס קומען אין אונדז אויף און מאַכט אונדז מעגלעך, ווען אַפילו בלויז סוביעקטיוו, צו באַנעמען אַלע פאַזן פונעם פּראַקטישן און טעאָרעטישן דענקען.

און מעגן די דאָזיקע דורכן גייסט אַריינגעפירטע באַגריפן־פאָרמען זיין הוילע אויסדאַכטענישן און איינרעדענישן, לויטער פיקציעס, וואָלט אָבער אָן זיי, ווי אָן דעם זכרון, נישט מעגלעך געווען נישט נאָר קיין דענקען, נאָר אויך נישט קיין געאָרדנט לעבן.

מחמת ווי מען זאָל זיך נישט באַציען צום פּראָבלעם פון רוים, צייט און קאַוזאַליטעט (סיבה און ווירקונג), מעגן מיר האָבן די זיכערסטע איבערצייגונג, אַז צייט אַן און פאַר זיך, צייט, ווי אַ פון אונדז אומאָפּהענגיקער יש (פאַקט), עקזיסטירט נישט, איז נישט בנמצא; דאָס זעלבע קאַוזאַליטעט (אַז יעדע ווירקונג מוז האָבן איר סיבה), וואָס עס קען גאָר זיין, אַז זי, די קאַוזאַליטעט, איז מער נישט ווי אַ בלויזער נאָכפאָלגן פון געשעענישן איינע נאָך דער אַנדערער; אַזוי אויך מיט רוים, וואָס איז שוין שווערער פון אים זיך אָפּצוזאָגן — מוזן מיר זיי אָבער אין אונדזער סוביעקטיוון געדאַנק, אינעם פאָרעם פון אונדזער דענקען, — אָננעמען.

מיר מוזן, למשל, זיך באַנוצן מיט די באַגריפן פון רוים, צייט און סיבהדיקייט, כדי פשוט צו אָרדענען אונדזערע געדאַנקען אין לעבן. מיר מוזן, לויט דער נאַטור פון אונדזער

לעבן, האָבן אין געדאַנק און פאַרשטעלונג אַ „מוקדם ומאוחר", אַ פריער און אַ שפּעטער.

ווייל אָן דעם, אָן אַ פריער און שפּעטער, ווי אָן דער פאַרשטעלונג פון אָן אָנהויב און סוף אינעם פּראָצעס פון לעבן און געשעעַן, וואָלט אונדזער טראַכטן און פאַרשטעלן זיך נישט געהאַט קיין אחיזה (אָנהאַלט), און אונדזערע געדאַנקען און בילדער וואָלטן געוואָרן צעמישט.

מחמת יעדער אויפקום פון אונדזער געדאַנק, ווי יעדער אַקט אין אונדזער געשעעַן, איז פאַרן ווייטערדיקן, נאָכפאָלגנ־דיקן, אַן אָנהויב. און היות יעדער אָנהויב מוז האָבן אַ סוף, — טראָגט ער אין זיך זיין אָנהויב און סוף, זיין פריער און שפּעטער.

נאָך שווערער איז פאַרן מענטשלעכן געדאַנק זיך פאַר־צושטעלן אַ רוימלאָזע וועלט. אַ וועלט אָן אָרט, אַ קאָסמאָס, ווי די ליידיקייט, דאָס אָרט — איז אויך נישטאָ.

און דאָס דאָזיקע געזעץ איז — פון סיסטעם און אָרדענונג, וואָס דער גייסט טראָגט אין אונדז אַריין, ווי די איבעריקע פון אים נאָכפאָלגנדיקע, לאָגישע געזעצן, ווי די מאַטעמאַטיק, אַריטמעטיק א. א. וו., וואָס שטאַמען, ווי אַלץ, פון דערפאַרונג, ווייל אַלע מאָסן און ליניעס, ווי אויך דער יסוד פון חשבון, איז שוין פאַראַן אין דער נאַטור, ווי די גלייכע, שטייענדיקע ליניע פון דער סאָסנע, די פאַרשידענע, אויך עליפּסיק־אַרטיקע ליניעס פון די געוויקסן, די זיגזאַגדיקע ליניע פונעם בליץ, דער ברייטער, האַלבער און פערטלדיקער קרייז פון דער לבנה, די פאַרשידנאַרטיקע קרייזן פון די בלעטער און בלומען א. א. וו.

דאָס זעלבע דער יסוד פון חשבון, וואָס נעמט זיך פון דער טאָפּלטקייט פון אַ טייל אָרגאַנען (צוויי הענט, צוויי פיס א. א. וו.), צאָליקייט פון די זאַכן — און דער נויטווענדי־קייט פון ציילן, און וואָס זיינען געוואָרן מיט דער הילף

פונעם פאַרגלייכנדיקן פאַרשטאַנד דורך אים ווייטער באַאַר־בעט און אַנטוויקלט — איז זיין פּאָזיטיוויסטער ווערט.

ווארעם מען קען זיך אָפּזאָגן פון דער צייט און סיבה־דיקייט (קאַוזאַליטעט) ווי אַ זיכערער יש (פאַקט), מען קען זיך אָבער נישט אָפּזאָגן פון זייער סוביעקטיווער רעאַלקייט און ווערט פאַרן מענטש. פאַרן מענטשלעכן געדאַנק, פאַרן אופן פון זיין דענקען, ווי פאַרן דענקען בכלל, זיינען זיי אַן אינערלעכע לאָגישע נויטווענדיקייט.

*

ווי די איבעריקע געזעצן, האָט אויך דער גייסט זיין געזעץ פון געוווינהייט. ווייל ווי דער מענטשלעכער אָרגאַניזם האָט זיינע געוווינהייטן, אַזוי האָט אויך דער גייסט, וואָס איז אַ טייל פון אים, זיינע געוווינהייטן.

דאָס זיינען די געדאַנקען און אידייען, וואָס דער מענטש נעמט אין זיך אַריין, זייענדיק לכתחילה איבערצייגט אין זייער אמת און נוצלעכקייט. די דאָזיקע געדאַנקען און אידייען אָבער עסן זיך אין אים איין אין לויף פון דער צייט, ווערנדיק אַ טייל פון זיין „איך".

און מעג ער דערנאָך ווערן איבערצייגט אין זייער ווערטלאָזיקייט, מעג דאָס לעבן זיי אינגאַנצן אָפּלייקענען, איז אים שווין שווער פון זיי זיך אָפּצוזאָגן.

ס'איז אים שווער מיט זיי זיך צו שיידן, צוליב דער נאַטור פון געוווינהייט, וואָס אויך דער מענטשלעכער גייסט באַזיצט. ווייל, ווי אַלץ אין דער נאַטור, האָט אויך דער מענטשלעכער גייסט זיינע געוווינהייטן.

און דאָס באַווייזט נישט נאָר די באַזונדערע פאָרמען, וואָס דער גייסט האָט, צוליב זיין אייגענער נויטווענדיקייט, אין אונדז אַריינגעבראַכט, נאָר אויך אויף דער איינהייט פון קערפּער און גייסט און אויפן פּראַקטישן אָפּשטאַם פון אונ־דזער וויסן.

*

פון די עמפינדונגען, געפילן און פאָרשטעלונגען קומט אויף דאָס גאַנצע רייכע, פאַרצווייגטע פסיכישע לעבן, פון וואָס עס קומט אַרויס דער ווילן, וואָס איז דער שעפערישער כוח אינעם מענטשלעכן לעבן.

די עמפינדונגען, צוזאַמען מיט די פאָרשטעלונגען און זייערע באַגלייט-כוחות, ברענגען אַרויס אַלע העכערע געדאַנקען-פאָרמען, ביז צו די העכסטע אַבסטראַקטע פאָרמען און אידייען פונעם קולטור-מענטש. און פון די זעלבע עמפינ־דונגען און פאָרשטעלונגען קומען אויך אויף אַלע אונדזערע העכערע און העכסטע געפילן.

*

דער טרייב-כוח פונעם מענטשלעכן לעבן, וואָס איז צוליב דעם אינסטינקט פון זיין (קיום), איין שטיק עגאָיזם, ווערט רעגולירט דורך די גרונט-געפילן פון באַגער, פרייד און טרויער.

דער באַגער איז דעם לעבנס סאַמע הויפּט-געפיל, וואָס איז אויפגעקומען צוליבן צוועק פון קיום (עקזיסטענץ), צוליב זיין זעלבסט-דערהאַלט.

און ווו ס'איז אויפגעקומען לעבן, איז צוזאַמען מיט דעם אויך אויפגעקומען דער באַגער צו לעבן. און ער, דער באַגער, איז דער פאָטער, דער ראש וראשון פון אַלע איבעריקע לעבנס-געפילן.

בראשית האָט דער באַגער בלויז געדינט פאַר צוויי צוועקן: פאַרן צוועק פון זעלבסט-דערהאַלט און מין-דערהאַלט. און ס'איז דעריבער דער געיעג נאָך דערנערונג און נאָך סעקסועלער באַפרידיקונג, נאָך שפּייז-פּראָדוקציע און רעפּראָ־דוקציע (האָבן קינדער) מימות עולם (פון אַלטע צייטן) געוואָרן די מעכטיקסטע ליידנשאַפטן פון „האָמאָ סאַפּיענס", פונעם מענטש.

שוין דער אור־מענטש איז, כדי אויסצומיידן דעם פּיין פון הונגער, געוואָרן געשטויסן ביי די גרעסטע געפאַרן צו גיין אויף יאַגד, ווי ער איז פון זיין זעלבסט־טריב געוואָרן געשטויסן צו יאָגן זיך נאָך אַ ווייב.

און אַזוי האָט זיך דער באַגער, ווי די איבעריקע געפילן, וואָס זיינען געוואָרן אַרויסגערופן צו דינען דעם זעלבסט־דערהאַלט, אין אָנהויב זיך געהאַלטן אין זיינע באַשטימטע, פּראַקטישע לעבנס־גרענעצן.

ערשט מיטן אַנטוויקלען זיך פונעם מענטש און זיין גייסט, און צוזאַמען מיט דעם אויך דאָס פאַרגרעסערן זיך פון די מענטשלעכע באַדערפעניש, ווערט שוין אויך די ליידנשאַפט פון באַגער אַרויסגענומען פון אירע ענגע לעבנס־גרענעצן און צעצווייגט זיך אין פיל פאַרשידענע פיזישע און גייסטיקע באַגערן און באַדערפענישן.

און אַזוי אויך צעצווייגן זיך פון יעדן הויפּט־געפיל באַזונדערע געפילן און ביי־געפילן (ווי זיינע תולדות), און פון יעדער באַדערפעניש, באַזונדערע באַדערפענישן און גלוס־טונגען.

דעריבער איז אַלץ, וואָס פירט צו באַפרידיקן זיינע נאָר־מאַלע באַגערן און צו שטאַרקן און אַנטוויקלען זיינע לעבנס־כוחות (פיזישע און גייסטיקע) רופט אין אים אַרויס אַ געפיל פון פרייד.

ווידער, אַלץ וואָס שטערט אים אין דער אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע כוחות, רופט אין אים אַרויס אַ געפיל פון אומעט און געדריקטקייט.

דער מענטש איז אויך אין זיין נאַטור, אי צוליב די פּסיכיש־עמאָציאָנעלע סיבות, אי צוליבן באַוווּסטזיין פון זיין אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, אַ סאָציאָלאָגישע באַשעפעניש.

ער וואָלט, אין גרונט גענומען, שטענדיק מיט עמעצן וועלן זיין (אויב נאָר עפעס שטערט אים ניט אין דעם), אויף

ווענען זיך אָנשפּאַרן, שטיצן און זיך צוטוליען, זיין מיט אַ מענטש, מיט אַ חיה (פאַרהיימישטע), בפרט מיט אַ גאָט.

און אויב ער קאָן אַזאַ גאָט נישט דערגרייכן, אים האָבן נעבן זיך, מאַכט ער זיך זיין אייגענעם הילצערנעם, צי שטיי־נערנעם גאָט (נישט וויכטיק אונטער וועלכן אויסרייד), כדי אים צו האָבן נעבן זיך און פאַר אים אויסגיסן זיין הארץ. און ביי אַ העכערער גייסטיקער מדרגה, — ווייל ער מיט אים כאַטש זיין פאַרבונדן אין געדאַנק.

און ס'איז דעריבער אַלץ, וואָס רייסט אים אָפּ פון זיין אַליינקייט, פון זיין געדריקטער איינזאַמקייט, בפרט ווען דאָס דאָזיקע גיט אים נאָך איבער צו אַ מאָראַלישן אויסלעבן זיך פון זיינע כוחות דורך שפּיל און אַקטיוויטעט, — גוט פאַרן מענטש און זיין גייסט.

ווייל אויך דער גייסט, ווי אַ קאָאָרדינירער פון די פונקציעס פון גוף און ווי אַן אָרגאַן פאַר זיך, וויל זיך אין זיין גאַנצער אינטענסיוויטעט אויסלעבן.

די מענטשלעכע פּסיכיק איז אַזוי געבויט, אַז זי פאַר־טראָגט נישט קיין פּאַסיווקייט און אויך נישט קיין געדאַנקען־ליידיקייט. אַפילו אין חלום, ווען רעלאַטיוו רוט דער קערפּער (ווייל אויך אין חלום רוט נישט אַבסאָלוט דער קערפּער, די פונקציע פון אָטעמען און פון בלוט גייט ווייטער אָן אין אים), אַרבעט די פאַרשטעלונג, זי גייט אָן מיט איר חלומות־שפּיל. ווייל דעם גייסטס נאַטור, ווי דאָס לעבן, איז דינאַמיש, און ער, דער גייסט, מוז מיט עפּעס אויסגעפילט ווערן.

*

דער גייסט איז דער תוך פונעם מענטשלעכן לעבן. ער איז אינעם גוף, און זיין עובדה איז אַן אָנפירנדיקע און קאָנ־טראָלירנדיקע. און זייענדיק איינס מיטן גוף, ליידט ער מיט זיינע ליידן און פרייט זיך מיט מיט זיינע שמחות.

וואָס ער איז אין תוך פאַר זיך, וואָס זיין אינעוויייניקסטער

עצם איז, קענען מיר פּונקט אַזוי נישט באַנעמען, ווי מיר באַנעמען נישט דעם אויפּקום און דעם תוך פון דער וועלט.

מיר באַנעמען אָבער זיין ווירקן און די פאָרמען פון זיין לעבן, אויף וויפל ער אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז און קומט אין אונדז צום אויסדרוק דורך זיינע פאַרשידענע אויסוויר־קונגען.

זיין ווילן איז, ווי אַלץ אינעם לעבן, קודם כל צו קיום, צו זיין. און זייענדיק, גלוסט ער צו שטאַרקן און צו באַרייכערן דאָס לעבן. און מעג ער אַפילו בלאָנדזשען, זיך פּייניקן אין ספקות, אָדער גאָר זיך פאַרלייקענען, איז אַלץ זיין תשוקה זיך צו דערהויבן.

און אַז דער גייסט דערהויבט זיך, ער קריגט זיין תיקון, דערהויבט זיך צוזאַמען מיט אים אויך דער גוף, דער גאַנצער מענטש. וואָרעם גייסט און קערפּער זיינען איינס, איין זאַך.

*

און אַלץ איז אינעם זיין, — ווי דער זיין איז אין אַלץ. און קיין זאַך, אויך נישט קיין געדאַנק און פאָרשטעלונג, איז מחוצן זיין.

און ווי באַגרענעצט און אומזיכער די מענטשלעכע דער־קענטעניש זאָל נישט זיין, האָבן מיר אַחוץ די עמפּיריש־אינטעלעקטועלע דערקענטעניש (דאָס וויסן פון די חושים באַאַרבעט דורכן שכל) קיין אַנדערע נישט.

און מיר מוזן זי אָננעמען און מיט איר לעבן. בפרט נאָך, ווען די דאָזיקע באַגרענעצטע דערקענטעניש פירט אונדז פאָרט פון איין פּראַקטישער דערגרייכונג צו אַ צווייטער.

## קאַפּיטל פיר

# פאַרויס-באַשטימונג און פרייהייט פון ווילן

איז אַלץ אין פאַרויס באַשטימט ? — דער באַגריף פון פרייהייט פון ווילן. — די מענטשלעכע נאַטור אַ פּאַר־שידנאַרטיקע. — אַבסאָלוטע און רעלאַטיווע פרייהייט.

איז אַלץ אין פאַרויס באַשטימט ? איז אַלץ, וואָס געשעט אינעם מענטשלעכן לעבן, פון וועמען נישט איז דיקטירט ווי אַ גזירה (אַ באַפעל) נישט צו ענדערן, אַזוי אַז ס'איז גאָרנישט בנמצא קיין פרייהייט פון ווילן און דער מענטש איז נישט דער בעל-הבית איבער זיינע מחשבות און מעשים ?

אָדער איז יאָ פאַראַן פרייהייט פון ווילן און דער מענטש איז יאָ דער בעל-הבית איבער זיינע באַשלוסן און האַנד־לונגען ?

דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז אַזוי אַלט ווי די וועלט. זאָגן אַ טייל, אַז אַלץ וואָס דער מענטש טוט, איז ער געצוווּנגען אַזוי צו טאָן. זיין ווילן איז נישט פריי און ער פירט נאָר אויס דאָס, וואָס איז אויף אים אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן.

זאָגן ווייטער די אַנדערע, אַז ניין. אַבסאָלוט פריי איז דער מענטש. ער איז דער בעל-הבית איבער זיך און קען טאָן וואָס ער וויל און וואָס נאָר אים געפעלט צו טאָן.

און ווי איז דער אמת ?

דער אמת איז נישט מיט אָט די ביידע עקסטרעמען. ווייל נישט אַבסאָלוט פריי איז דער מענטש, ווי ער איז אויך נישט אַבסאָלוט אומפריי. דער באַגריף פון פרייהייט פון ווילן

איז אַ רעלאַטיווער באַגריף. ער איז פּונקט אַזוי רעלאַטיוו, ווי אַלץ אינעם מענטשלעכן לעבן איז רעלאַטיוו.

עס ווענדט זיך ווי אַזוי מען גייט צו — און פון וועלכער זייט מען קוקט אויף דער זאַך. אין די הויפּט-געביטן פונעם מענטשלעכן לעבן, אין פראַגן פון לעבן און טויט, ווי אין אַלע אַלגעמיינע דערשיינונגען פון זיין לעבן און נאַטור, איז דער מענטש אַבסאָלוט אומפריי.

ער איז פּונקט מיט אַזאַ צוואַנג אונטערגעוואָרפן די געזעצן פונעם זיין — ווי די גאַנצע נאַטור איז אונטערגעוואָרפן דעם זיין.

קעגן זיין ווילן ווערט דער מענטש געבוירן און קעגן זיין ווילן ווערט ער פאַרלוירן, גייט ער אַוועק פון דער וועלט. און ווי קיין מענטש קלויבט זיך נישט אויס זיין לעבן, אַזוי קלויבט ער אויך נישט אויס די פּראָצעסן פון זיין לעבן, וועלכע זיינען אַ טייל פון דער גאַנצער נאַטור און פונקציאָנירן לויט זייערע פון פאָרויס באַשטימטע געזעצן און נאָרמען.

נאָר אין די פּרטים, און אין די אופנים פון אויספירן די דאָזיקע געזעצן, אין די ראַמען פון די דאָזיקע אויפגעצוווּנגענע לעבנס-פּראָצעסן, האָט דער מענטש גענוג אָרט צו ווירקן, און רעלאַטיוו איז זיין פרייהייט פון אויסוואַל.

ער איז אין די דאָזיקע פּרטים פריי אויסצוקלויבן און באַשליסן אין אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו זיין לעבן.

באַזונדערס איז ער, הגם לויט דער ווירקונג פון זיין דערציִונג און סביבה, פריי אויסצוקלויבן און באַשליסן אין זאַכן פון מאָראַליש-קולטורעלע און נאַציאָנאַל-סאָציאַלע ווערטן.

למשל, לויט זיין פיזיש-פּסיכישער נאַטור מוז דער מענטש זאָרגן פאַר זיין קיום. און זאָרגנדיק פאַר זיין קיום, מוז ער קודם כל זיך באַשפּייזן און זיך באַשיצן פון היץ און פון קעלט, אַזוי אויך פון יעדער דראָענדיקער סכנה.

איז אין דער אַלגעמיינער זאָרג פֿאַר זיין לעבן, ווי אין די אַלע איבעריקע נויטן און באַדערפֿענישן פֿון זיין קיום, איז זיין ווילן נישט פֿריי. דאָס איז דער אינסטינקט און דער בלינדער ווילן צו לעבן, וואָס טרייבט אים צו דעם.

נאָר אין די פּרטים און אין די אופֿנים פֿון אויספֿירן די דאָזיקע נויטן און באַדערפֿענישן, ווי למשל, אין דער פֿראַגע וועלכע שפּייז און קליידער ער זאָל פֿאַר דעם צוועק אויס־קלויבן, דאָס זעלבע, וואָס פֿאַר אַ דירה און סאָרט מעבל ער זאָל נעמען (ביי גלייכע ווערטן) — איז ער מער־ווייניקער פֿריי.

אַזוי אויך אין די פּרטים און אין דעם ווי אַזוי פֿון זיינע גייסטיק־עמאָציאָנעלע באַדערפֿענישן. אַ מענטש מוז, למשל, פֿירן אַן אַקטיוו לעבן. דאָס זיין טעטיק, ווי אויף אַ געהעריקן אופֿן זיך אויסלעבן, איז אַ געזעץ פֿון זיין פּסיכישער נאַטור.

איז די אַלגעמיינע באַדערפֿעניש פֿון אויסלעבן זיך — אַ צוואַנג, אַ געזעץ פֿון דער נאַטור, וועמען דער מענטש מוז פֿאָלגן. נאָר דער אופֿן און פֿאָרעם פֿונעם מענטשלעכן אויסלעבן זיך איז שוין דעם מענטשנס אַ פֿרייער אויסוואַל, אַ זאַך פֿון זיין פֿרייען ווילן.

*

ווי אַ פֿיזיאָלאָגיש זעלבסט־פֿאַרוואַלטנדיקער מעכאַניזם און ווי אַ פּסיכאָ־עמאָציאָנעלע איינהייט, איז די מענטשלעכע נאַטור אַ פֿאַרשידנאַרטיקע, אויף אַ געוויסן אופֿן (צוליב שיקול הדעת) אַ צעצווייטע און קאָמפּליצירטע.

ער האָט, דער מענטש, אין זיין פֿיזישן לעבן, טאָפּלטע כוחות, ווי ער האָט אין זיין גייסטיקן לעבן טאָפּל־כוחות. ער האָט דעם יאָ־ און ניין־שפּיל פֿון זיין ווילן, און די וואַק־לונגען פֿון זיין גייסט.

האָט דער מענטש אין זיך אי פּעסטע אויטאָמאַטישע כוחות, וועלכע זיינען פֿאָרויס־באַשטימט און אויף אים אַרויף־

געצוווּנגען, וועלכע דער ווילן מוז זיי אויספירן, אי ער האָט אין זיך פרייע אויפקומענדיקע כוחות, פון וועלכע דער ווילן איז שוין פריי זיך אויסצוקלויבן (רעלאַטיוו פריי).

און אָט טאַקע דאָס דאַזיקע, דער יאָ־ און ניין־שפּיל פון זיין ווילן, ווי די וואַקלונגען פון זיין גייסט, איז דער בעסטער באַווייז פאַר אַ געוויסער פרייהייט און ברירה, וואָס איז נאָך אינעם מענטש פאַראַן.

ווייל ביי אינגאַנצן פאָרויס־באַשטימטע זאַכן און דער־שיינונגען ביי אין אַלע פּרטים אַבסאָלוטע באַפעלן, — איז נישט שייך קיין וואַקלען און קיין דינגען זיך. אינגאַנצן — אָנגעוואָרפענע באַפעלן, מוזן בלית ברירה אין יעדן פּרט גלייך אויסגעפירט ווערן.

בכן, קומט אויס, אַז אין אַלץ ווו דער מענטש איז אָפּ־הענגיק פון זיין אַרום, פון זיין אַרומיקער נאַטור, און פון די אַלגעמיינע זיך נישט־בייטנדיקע נאָרמען פון זיין אייגענער נאַטור, — ווי, למשל, אין דער באַדערפעניש פון לופט, זון, דערנערן זיך, ווי אויך אויף אַ געוויסן אופן זיין אַקטיוו און גייסטיק זיך אויסלעבן, איז זיין ווילן, ווי אַן אינסטרומענט פון קיום, נישט פריי.

ער מוז פאָלגן און נאָכקומען די אַלע באַדערפענישן, ווי אַ נויטווענדיקייט פון זיין לעבן, פון זיין אייגענעם קיום. ער האָט אָבער, דער מענטש, די פרייהייט צו מאַניפּולירן מיט די דאָזיקע באַדערפענישן, באַזונדערס ביי די פון זיין אייגענער נאַטור, אויף זיין אופן און שטייגער.

ווען, למשל, אַ מענטש מוז אַרויסגיין פון זיין הויז, כדי זיך צו באַוועגן, אָדער כדי זיך אָפּצוקילן נאָך אַ הייסן זומער־טאָג, האָט ער פאַרן דאַזיקן צוועק די ברירה זיך אויסצוקלויבן די צייט און דאָס אָרט וועלכעס ער וויל נאָר.

אַזוי אויך ווען איינער האָט אַ באַדערפעניש צו גיין צו אַ קאָנצערט, אָדער אַ פאָרשטעלונג, האָט ער די ברירה זיך

אויסצוקלויבן פון די פאַרקומענדיקע קאָנצערטן און פאָר־שטעלונגען אין זיין שטאָט, וועלכן נאָר קאָנצערט און פאָר־שטעלונג אים געפעלט.

אינעם עצם פון דער באַדערפעניש ווי אַ נויטווענדיקייט פון זיין גייסט, איז ער טאַקע נישט פריי, נאָר אינעם אופן פון אויספירן די דאָזיקע באַדערפעניש, אינעם ווי אַזוי צו דערפילן די דאָזיקע גייסטיקע נויט, האָט ער שוין זיין פרייען אויסוואַל.

און אַז די וואָס מיינען, אַז דער ווילן איז אַבסאָלוט אומ־פריי, וועלן אויף דעם זאָגן, אַז דאָס דאַכט זיך אונדז נאָר אויס אַזוי, אַז דער מענטש טוט דאָס דורך זיין פרייען ווילן, ווייל מיר זעען נאָר דעם רעזולטאַט פון זיין אויסוואַל, מיר זיינען אָבער נישט בכוח צו זען די פריערדיקע סיבות, וואָס האָבן באַווירקט און געפירט צום דאָזיקן אויסוואַל. קענען מיר אויף דעם ענטפערן, אַז וואָס פאַר אַ סיבות עס זאָלן אין דער פאַרגאַנגענהייט נישט האָבן געווירקט צו אַ מענטשנס טאַט, איז אָבער אויב נאָר די אַקטועל לעצטע סיבה (דאָס באַשליסן אַרויסצוגיין צוליב דער היץ) בעת ער פירט אויס די זאַך, איז נישט קיין אויפגעצוווּנגענע, באַטראַכטן מיר אַזאַ טואונג פאַר אַ פרייע, אויסגעפירט דורכן פרייען ווילן (אויף וויפל מיר פאַרשטייען פרייהייט ווי אַ רעלאַטיוון באַגריף).

*

דאָס זעלבע איז מיטן מענטשנס געדאַנק און פאַרשטע־לונג. אויך אין זיין טראַכטן און פאַרשטעלן זיך, ווי אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום גייסטיקן לעבן פונעם מענטש, גילט דער זעלבער כלל פון רעלאַטיווער פרייהייט.

ער איז נישט אַבסאָלוט אומפריי, דער מענטש, אין זיין דענקען, ווי ער איז אויך נישט אַבסאָלוט פריי אין זיין געדאַנק און פאַרשטעלונג. ער איז נישט אַבסאָלוט אומפריי,

ווייל ער קען, דער מענטש, ביי געהעריקע באַדינגונגען טראַכטן וועגן אַלץ אין דער וועלט, אויך וועגן זיין אייגענעם זיין — און נישט־זיין.

ער איז אָבער אויך נישט אַבסאָלוט פריי, ווייל ער איז אַפּריאָרי (אין פאָרויס) באַגרענעצט אינעם כוח און אין פאַר־נעם פון זיין דענקען. ער איז באַגרענעצט און צוגעשמידט אין זיין דענקען און פאָרשטעלן זיך בלויז צום שטח פון דער דערפאַרונג.

דער געניאַלסטער דענקער אין דער וועלט קען אין זיין דענקען אָט דעם תחום פון דער דערפאַרונג נישט אַריבער־שפּאַנען. און וויפל ער זאָל נישט פּרוּוון טעאָרעטיזירן און שפּעקולירן איבער זאַכן און דערשיינונגען, וואָס ליגן מחוץ פון אָט דעם תחום, וועט ער אַלץ בלייבן אין אָט די דאָזיקע גרענעצן.

דאָס זעלבע איז מיטן פאָרשטעלן זיך (וואָס איז אויך ווי אַ מין בילדלעכן צעלייגן פון געדאַנק). וואָס פאַר אַ גאָט־בילד דער מענטש זאָל זיך נישט פּרוּוון אויסמאָלן, וועט דאָס אַלץ זיין אָדער אַ קערפּערלעך־ערדיש געשטאַלט, גענומען פון דער אייגענער דערפאַרונג, ווי ביי די אַמאָליקע געצנדינער און הייטיקע קריסטוס־ און בודאַ־פאַרגעטערער, אָדער אַן אַבסטראַקט פאָרמלאָז „געשטאַלט" — וועמענס פאָרגעשטעל־טע אַטריבוטן (אייגנשאַפטן) זיינען אין דער אמתן אויך נישט מער ווי באַגריפן און באַצייכענונגען, גענומען פון דער אייגע־נער דערפאַרונג.

און דאָך האָט דער מענטש אין די ראַמען פון אָט דעם שטח פון דערפאַרונג, רעלאַטיוו גענוג פרייהייט צו דענקען און זיך פאָרצושטעלן.

ער קען, ראשית, פריי מאַניפּולירן מיט זיינע געדאַנקען און פאָרשטעלונגען און מיט דער הילף פונעם פאַרגלייכנדיקן פאַרשטאַנד זיך אָפּלערנען איין זאַך פון דער אַנדערער, ווי

ער קען אויך פונאַנדערצרבעטן זיינע געדאַנקען, כדי פון זיי צו ציען די שלוסן, וועלכע נאָר ער וויל.

און ער קען, שנית, צונויפנעמען זיינע געדאַנקען, כדי זיי צו פּרעזערווירן פאַר זיך און פאַר די קומענדיקע דורות, ווי עס טוט דער דענקער, און צוקלויבן די ווערטער פאַר זיינע פּאָעמעס און לידער, ווי עס טוט דער פּאָעט.

## קאַפּיטל פינף

# מענטש און פרייהייט

דעם מענטשנס פרייהייט ווי זיין אייגענער אָטעם. — דער
מענטש און זיין חלק פרייהייט. — פרייהייט פאַר יעדן איינעם.

ס׳איז בלי ספק, אַז איינע פון די גרעסטע מתנות, וואָס דער מענטש באַזיצט אין זיין לעבן, איז זיין פרייהייט. זיין פרייהייט צו דענקען און צו קומען אויף אַ געוויסן אופן צום אויסדרוק.

דאָס איז די פרייהייט, וואָס בלייבט דעם מענטש איבער נאָך די אַלע באַגרענעצונגען, וואָס די נאַטור באַגרענעצט אים אין זיין לעבן.

ווייל, ווי מיר האָבן געזאָגט אין קאַפּיטל פיר: „פאָרויס־באַשטימונג און פרייהייט פון ווילן" — איז דער מענטש באַלד נישט אַבסאָלוט פריי אין זיינע מחשבות און מעשים. ער איז אַ פּריאָרי (אין פאָרויס) באַגרענעצט אין זיין באַנעם — ווי אין זיין האַנדלען.

ער איז אָבער אויך נישט אַבסאָלוט אומפריי, דער מענטש. עס בלייבט אים נאָך אין די ראַמען פון דער דאָזיקער באַגרע־נעצטקייט גענוג פרייהייט פאַר זיינע מחשבות און מעשים.

ער האָט נאָך גענוג כוח פונאַנדערצונעמען זיינע פליגל פאַר אַ פרייען פלי אינעם רוים, נישט בלויז אין דער פאַנ־טאַזיע...

און די פרייהייט פונעם מענטשנס פאָרשטעלן זיך און טראַכטן אין אַלע זיינע קאַטעגאָריעס און אופנים איז ווי זיין

אייגענער אָטעם. און פונקט ווי אַן אַן אָטעם קען דער מענטש נישט לעבן, ער ווערט דערשטיקט, אַזוי וואָלט אויך דער דער מענטש געוואָרן גייסטיק דערשטיקט אָן זיין פרייהייט פון געדאַנק.

און כאָטש די פרייהייט פון טראַכטן קען ביי אים קיינער נישט צונעמען, ווייל קיינער קען אים פון זיינע געדאַנקען נישט באַרויבן, באַגענוגנט זיך אָבער נישט דער מענטש מיט בלויזן טראַכטן.

ער וויל און האָט דעם פלאַמענדיקן גלוסט אויך צו קומען צום געהעריקן אויסדרוק. ער וויל זיינע געדאַנקען אַרויספירן „מכוח אל הפועל" (פון מעגלעכקייט אין ווירקלעכקייט), זיי פאַרקערפערן אינעם וואָרט און אין שריפט, און אויך זיי אין מעשים פאַרווירקלעכן.

און דאָ, ביים קומען צום אויסדרוק פון זיינע מחשבות און פאַרווירקלעכנדיק זיי אין מעשים, ביים אַרויספירן זיי פונעם אייגענעם רשות (פון רשות היחיד) און אַריינפירנדיק זיי אין רשות הרבים, כדי צו מאַכן זיי פאַרן אייגנטום פונעם כלל, שטויסן מיר זיך אָן אין די שוועריקייטן פונעם לעבן, פונעם אייגענעם מענטשלעכן לעבן.

*

דער מענטש אין זיין נאַאיווען, סוביעקטיווען טראַכטן וויל זיך נישט באַגענוגענען מיט דער מאָס פרייהייט, וואָס ער האָט, און זי צופּאַסן לטובת דעם לעבן, דעם גאַנצן מענטש־לעכן לעבן.

אין זיין גיריקייט נאָך מאַכט און אין זיין תאווה אַלץ צו באַהערשן, וואָס נורטעוועט אין זיינע טיפסטע טיפענישן, וויל ער נישט שלום מאַכן מיט זיין חלק פרייהייט און מיטן געדאַנק פון זיין באַגרענעצטקייט.

ער וויל נישט זען, אַז ראשית איז אַזאַ זאַך ווי אַבסאָלוטע פרייהייט גאָר נישט בנמצא. נישט נאָר דער מענטש איז

נישט אַבסאָלוט פריי, נאָר אויך נישט די כוחות אין דער נאַטור. דער ווינט קען אייביק נישט בלאָזן, ווי דער שטורעם קען אייביק נישט שטורעמען.

וואָרעם וואָלט עס אַנדערש געווען, וואָלטן די כוחות אין דער נאַטור געווען אַבסאָלוט פריי, וואָלט שוין די וועלט לאַנג קיין קיום נישט געהאַט.

זיי וואָלטן אַרום פון זייערע באַשטימטע גרענעצן און געקומען אין אַ צוזאַמענשטויס צווישן זיך. זיי זיינען אָבער באַגרענעצט אין די ראַמען פון זייערע געזעצן, און נאָר אין די דאָזיקע ראַמען האָבן זיי זייער פרייהייט פון באַוועגונג, ווי דער מענטש האָט אין זיין פיזיש-גייסטיקער באַגרענעצט-קייט זיין רעלאַטיווע פרייהייט.

און וואָלט אַפילו דער מענטש יאָ געהאַט זיין אַבסאָלוטע פרייהייט, וואָלטן מיר זי אויך לטובת דעם אַלגעמיינעם מענטשלעכן לעבן אַליין באַגרענעצט, ווי מיר רעגולירן און באַגרענעצן לטובת דעם בשותפותדיקן צוזאַמענלעבן פיל אַנדערע זאַכן און דערשיינונגען פונעם יחיד און רבים.

און קיין זאַך, אין און אַרום דעם מענטש, איז נישט איינ-אַרטיק און איינזייטיק. יעדע זאַך און דערשיינונג אין דער נאַטור האָט לגבי דעם מענטש איר גוטע און שלעכטע זייט, ווירקט זיך פאַר אים אויס גוט אָדער שלעכט, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען, אין וועלכע ער געפינט זיך, מאָס און פּראָ-פּאָרציע.

בפרט איז יעדע פיזישע און גייסטיקע דערשיינונג אינעם מענטש גופא, ווי צעצווייאיקט, צוויי-זייטיק: גוט אָדער שלעכט פאַר אים, אָפּהענגיק פון די נויטן און באַדערפעונישן פונעם גאַנצן און פון די אייגענע און אַרומיקע ווירקונגען אויף אים.

דאָס איז באַזונדערס נוגע דעם פּראַקטישן פאַרשטאַנד

אין יעדן פאַל, ווי דער מענטש דאַרף זיך קלאָר מאַכן ווי צו האַנדלען.

ער מוז ערשט דורך אַ שווערן ישוב הדעת (מיט זיך אַליין זיך מיישב זיין), וואָס איז אַ מין וועגן און צעלייגן דעם אייגענעם געדאַנק, אַרויסגיין פון זיין וואַקלענדיקער צע־שפּאָלטנקייט — און זיך סוף כל סוף דעצידירן, אָננעמען אַ פעסטן באַשלוס.

און מען טאָר נישט איבערטרייבן מיט די גלוסטונגען און פאַרלאַנגען, ווי מען טאָר בכלל נישט איבערטרייבן מיט די מענטשלעכע כוחות.

אַזוי, למשל, איז זון־שיין, בפרט דאָס מיטאַמאָליקע אויפ־שיינען פון דער זון נאָך אַ שווערן וועטער, גוט פאַרן מענטש. עס היילט אים אויס פון געוויסע קראַנקהייטן און הויבט אויף און צעפריידט אין אים גאָר זיין געמיט.

פונדעסטוועגן איז דאָס צופיל ברענען זיך אויף דער זון, ווי דאָס קוקן אין איר שיין, שעדלעך און נישט געזונט פאַרן מענטש.

דאָס זעלבע איז מיטן איבערכאַפּן די מאָס פון עסן און טרינקען, פיזישע און גייסטיקע טעטיקייט און אַפילו מיט דער פרייהייט.

ווייל, ווי ס'איז נישט גוט צו זיין פאַרקנעכט, גאָר אָן פרייהייט, אַזוי איז אויך נישט גוט צו האָבן צופיל פרייהייט און נישט צו וויסן וואָס צו טאָן מיט דער פרייהייט, אָדער אויף אַ הפקר־אופן זיך צו באַנוצן מיט דער פרייהייט און איר אויסנוצן לרעה קעגן אַ צווייטן.

אויך די פרייהייט דאַרף זיין נאָרמירט לטובת דעם מענטש, לטובת יעדן מענטש. די פרייהייט־אינטערעסן פון די באַזונדערע יחידים טאָרן נישט קומען אין קאָנפליקט צווישן זיך.

זיי דאַרפן אַזוי איינגעשטעלט ווערן, אַז זיי זאָלן זיין

אין פולער האַרמאָניע מיט יעדן איינעמס חלק פרייהייט, וואָס איז אים פון דער נאַטור געגעבן געוואָרן.

און פונקט ווי מען טאָר קיינעם נישט באַרויבן פון זיין פרייהייט, אַזוי ווידער מעג מען דעם יחיד און רבים באַגרענעצן אין זייער פרייהייט, צונעמען אַ טייל פון זייער פרייהייט, אויב נאָר מיט איר ווילן זיי שעדיקן נישט נאָר די פרייהייט פון די אַנדערע, נאָר אַפילו בלויז די פרייהייט פון זייער כבוד און ווירדע, ווער רעדט שוין פון זייער לעבן.

*

אַ מאָדנע בריאה איז דער מענטש. וואָס מער ער אַנטוויקלט זיך, עס שטייגן אין אים די גייסטיקע כוחות, אַלץ מער פאַרלאַנגען און אַמביציעס האָט ער.

פאַרלאַנגען, נישט בלויז פיזישע, נאָר אויך עמאָציאָנעל-פּסיכישע, וואָס פאַרגרעסערן זיין געפיל פון עגאָ און פאַרשפּיצן, — רוקן אַלץ מער אַרויס דעם יחיד אין אים.

און ווי איין געדאַנק רופט אַרויס אַ צווייטן, אַזוי רופט איין פאַרלאַנג אַרויס אַ צווייטן. און מיטן צוקומען און שטאַרקן זיך פון זיינע גייסטיקע פאַרלאַנגען און אַמביציעס, שטאַרקן זיך אין אים אויך זיינע עגאָצענטרישע גלוסטונגען און פאַרלאַנגען. ער וויל אַלץ, דער מענטש, קאָנצענטרירן אַרום זיך און אין אַלץ נאָר זען זיך.

אין זיין אייביקער אומגעזעטיקטקייט און אומצופרידנקייט וויל ער זיך ניט באַגענוגענען מיט דעם, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן, וואָס ער האָט.

ס'איז דער דראַנג אין אים זיך נישט צו שטילן מיטן פאַראַנענעם, מיטן מעגלעכן און צוגעפאַסטן פאַר זיינע כוחות, נאָר איבערצוויאָגן, אַריבערצושטייגן איבער יעדער מאָס און נאָרמע, איבערן אייגענעם כוח און באַדאַרף.

און אַז די כוחות קלעקן נישט, זיי זיינען דאָך פאָרט

באַגרענעצט, ער קען פונעם אייגענעם לעבן מער וויפל ס'איז פאַר אים באַשטימט נישט אַרויסקריגן, דאַרף מען דאָס אַרוים־קריגן פונעם צווייטן.

און ער וואָלט דעריבער אויך די שענסטע לעבנס־מתנה, וואָס די נאַטור גיט אים, די פרייהייט, זי וועלן אויסנוצן נישט נאָר לויטן באַדאַרף פאַר זיך, — נאָר נאָך דערפילן און אויספילן איר באַגרענעצטקייט מיט דעם חלק פונעם צווייטנס פרייהייט.

און כדי צו באַרעכטיקן די דאָזיקע גלוסטונג, שאַפט ער זיך די איינרעדעניש פון אַן אַבסאָלוטער פרייהייט, אָדער דעם געדאַנק פון עפּעס אַן אַבסטראַקטער, פאָרמעלער פריי־הייט, וואָס האָט מיטן אמתן לעבן, מיטן פראַקטישן מענטש־לעכן לעבן, מיטן לעבן פונעם יחיד און דער געזעלשאַפט — גאָרנישט צו טאָן.

ער פאַרקוקט אַפילו דורך דעם און אומדירעקט העלפט ער נאָך צו צום בושעווען אין נאָמען פון דער זעלבער פריי־הייט פון אַלערליי מענטשנפרעסער און פאַרברעכער־קאָלעק־טיוון קעגן די אַנדערע יחידים און קאָלעקטיוון, וואָס האָבן פונקט ווי זיי זייער רעכט אויף זייער פרייהייט.

און דאָס אַלץ צוליב זיין איינגערעדטן גלויבן אין עפּעס אַ באַזונדערער, מחוץ דעם מענטש „הייליקער" פרייהייט, וואָס אָט דער מענטש באַזיצט.

אַ פרייהייט, וועלכע מען טאָר אויף קיין פאַל נישט אָנרירן, אַפילו ווען דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן פאָדערט עס. עס זיינען אָבער נישט פאַראַן קיין הייליקייטן מחוץ דעם מענטש, ווי מחוץ יעדן לעבעדיקן באַשאַף.

אַלץ וואָס לעבט, עקזיסטירט, דאַרף און האָט דאָס רעכט צו לעבן. און קיין זאַך אין דער נאַטור, בפרט לעבעדיקער, טאָר נישט סתם אַזוי געשעדיקט און געשטערט ווערן אין איר לעבן.

בפרט טאָר קיין יחיד און רבים נישט באַלעסטיקן און שטערן דאָס לעבן, פיזישע צי גייסטיקע, פונעם צווייטן יחיד אָדער רבים, דורך וואָס פאַר אַן איינרעדענישן דאָס זאָל נישט זיין, אַפילו נישט דורך זיין איינגערעדטער „הייליקער" פריי־הייט.

קאַפּיטל זעקס

# מענטש און גלויבן*

דאָס מענטשלעכע לעבן אַ קאָמפּליצירטער לעבנס־מעכאַניזם. — דער עמאָציאָנעלער טייל פון דער מענטשלעכער פּסיכיק. — דער גלויבן אין די אייגענע כוחות. — די מכשולים פונעם לעבן. — דער הייל־מענטש. — די דערשיינונג פון טויט. — דער אַלגעמיינער גלויבן און דער זעלבסט־דערהאַלט.

דאָס מענטשלעכע לעבן איז אַ זייער קאָמפּליצירטער לעבנס־מעכאַניזם, וואָס באַשטייט פון קערפּער און גייסט און איז אַ געשלאָסענע פיזיש־פּסיכישע איינהייט.

און הגם אַן איינהייט, טיילט זי זיך אָבער אין פיל טיילן, ביז צו די פאַרשידנסטע קלענסטע טיילעכלעך און אָפּצווייגונגען.

אין טיילן פון באַזונדערע אָרגאַנען און פונקציעס, פון קעמערלעך און געוועבן, וואָס הגם אַלע צוזאַמען אַרבעטן זיי לטובת דעם גאַנצן אָרגאַניזם, מוז אָבער פאָרט יעדער אָרגאַן און טייל פאַר זיך קודם זאָרגן פאַר זיין אייגענעם קיום.

און די דאָזיקע פיל־צאָליקייט פונעם מענטשנס אָרגאַנען און טיילן, מיט זייערע באַזונדערע פאַרלאַנגען און באַדערפענישן, גאַרענישן און ווידעראַנאַנדן, וואָס צוליב דעם ווערן זיי טיילמאָל צווישן זיך צעקריגט, הגם נישט אויף לאַנג, ווייל זיי מוזן דאָך, צוליבן אַלגעמיינעם קיום, גלייך צוריק

* וועגן גלויבן אין אַן אַנדער שייכות — זע „לעבן און טראַכטן” פון יעקב כהן: „גלויבן און אומגלויבן”, זייט 8. פאַרלאַג „בידערמאַן”, ניו־יאָרק. 1957.

שלום מאַכן צווישן זיך, — באַשווערט און קאָמפּליצירט דאָס לעבן פון מענטש.

דער מענטש אין זיין פיל־אָרגאַנישער פאַרצווייגטקייט, איז ווי אַ גרויסע אונטערנעמונג, וועמענס אופן פון פּראָדוצירן איז צעטיילט אין אירע קלענסטע טיילן, און יעדער טייל, ווי אויטאָמאַטיש און גוט ער זאָל נישט אַרבעטן, מוז אויף זיך האָבן דאָס קאָנטראָלירנדיקע אויג פון זיין אויפזעער.

מחמת יעדער דעפעקט און מינדסטער פעלער קען אָפּ־שטעלן נישט נאָר די אַרבעט פונעם טייל, נאָר פונעם גאַנצן מעכאַניזם, און מיט דעם אויך צעשטערן דעם גאַנצן סיסטעם.

און ווען מען נעמט נאָך אין אַכט, אַז אַ מאַשין איז סוף כל סוף נישט מער ווי אַ בלויזער אייגזייטיקער מעכאַניזם, וואָס איז נישט אונטערגעוואָרפן קיין לעבנס־פּראָצעסן מיט זיינע ענדערונגען, שטימונגען און קאַפּריזן, זעט מען ערשט אַרוים די קאָמפּליצירטקייט פונעם מענטשלעכן אָרגאַניזם, וואָס איז, אַ חוץ די אייגענע געזעצן און געוווינהייטן, אויך אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון דער אַלגעמיינער נאַטור און די נאָרמען פון זיין סביבה.

*

איינס פון די קאָמפּליצירטסטע טיילן פון מענטש, פון גאָר זיין לעבן, איז דער עמאָציאָנעלער טייל פון דער מענטשלעכער פּסיכיק. דער סאַמע תוך פונעם מענטשנס געפילן, פון גאָר זיינע לעבנס־געפילן, וואָס וואַכן איבער אים.

דער דאָזיקער עמאָציאָנעלער טייל פון אונדזער לעבן, וואָס איז פאַרבאָרגן און פאַרהוילן פון אונדזער אויג און מיר דערקענען אים נאָר פון זיינע אויסווירקונגען אויף אונדז, האָט זיינע באַזונדערע וועגן און מיטלען ווי אַזוי אויפצוהאַלטן און צו שטאַרקן דעם סאַמע זיין פונעם יחיד, פון גאָר זיין לעבן.

זיין אויפגאַבע איז צו וואַכן און אַכטונג צו געבן נישט

נאָר איבערן פּיזישן לעבן פונעם מענטש, וואָס דאָס טוט אויף זיין אופן זיין קאָנטראָלירנדיקער אָרגאַן, דער גייסט. דער גייסט, ווי אַ גאַנצער, נאָר זיין אויפגאַבע איז אויך אויפצוהאַלטן און צו פעסטיקן דעם סאַמע גייסט אַליין.

וואָרעם פּונקט ווי דער קערפּער נויטיקט זיך אין דער אַנפירונג און אין דער הילף פונעם גייסט, אַזוי אויך נויטיקט זיך דער גייסט אַליין, דער גייסט אין זיין פולער גאַנצקייט און קראַפט, — אין דער שטיצע און אינעם אונטערהאַלט פון זיין דאַזיקן באַזונדערן געפיל.

דאָס איז דער אינסטינקטיווער געפיל, פון וועמען עס קומט אַרויס דער גלויבן און דאָס האָפן, ווי אַ ריינער לעבנס־עלעמענט פאַרן יחיד, פאַרן אייגענעם סוביעקט (פּערזאָן).

דער דאַזיקער גלויבן איז אַ טייל פון דער ביאָלאָגיע פונעם מענטש און איז באַגרענעצט בלויז צו זיך אַליין, צו גלויבן אין זיך, אין די אייגענע כוחות.

און ערשט פון אים, פונעם דאַזיקן גלויבן אין זיך, צעצווייגט זיך, אַרבעט זיך אויס ביי אַ ווייטערדיקער שטופע פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג דער אַלגעמיינער גלויבן, דער גלויבן אין די כוחות, אָדער אַ כוח מחוץ דעם מענטש (די ערשטע סטאַדיע פון רעליגיע).

*

דעם מענטשנס גלויבן אין די אייגענע כוחות און די האָפענונג, וואָס באַגלייט אים, ווי די איבעריקע פון דעם שטייגער לעבנס־שטאַרקנדיקע עלעמענטן, זיינען אַ פּראָדוקט פונעם מענטשלעכן אינסטינקט, פון זיין אינסטינקט פאַר זעלבסט־דערהאַלט, וואָס יעדע בריאה באַזיצט; און ער איז אַ נויטווענדיקייט פאַרן לעבן און מיט דעם קומט דער גלויבן צוהילף דעם לעבן.

דער דאַזיקער גלויבן קומט אין אים אויף און שטאַרקט זיך, ווי אַלע כוחות אינעם מענטש. ער קען אָבער אויך, לויט

די אומשטענדן, ווערן שוואַכער, ביז ער גייט פון אים אינ־גאַנצן אַוועק, ווען דאָס לעבן ענדיקט זיך.

און אָן דעם דאָזיקן גלויבן אין זיך, אין די אייגענע כוחות, וואָלט נישט מעגלעך געווען קיין לעבן פונעם יחיד. אַ מענטש קען ווייניקער גלויבן אין זיך, ער קען אויף אַ צייט ווערן שוואַכער אין זיין דאָזיקן גלויבן, ער קען אָבער נישט אינגאַנצן אויפהערן צו גלויבן אין זיך.

וואָרעם הערט דער מענטש נאָר אויף צו גלויבן אין זיך, אין די אייגענע כוחות, ווערט גלייך זיין ווילן שוואַך, ער ווערט ווי געליימט און איז נישט מער פעאיק פאַר קיין שום לעבנס־איניציאַטיוו.

*

דאָס מענטשלעכע לעבן איז פול מיט מכשולים און סכנות. אויף זיין קורצן לעבנס־וועג שטייט דער מענטש אוים נישט נאָר פיזישע צרות און ליידן, נישט נאָר פיזישע ווייטיקן און פיין, נאָר אויך גייסטיקע.

זיינע דורכפאַלן און מיסדערפאָלגן, זיינע נישט־מקוים געוואָרענע האָפענונגען און דערוואַרטונגען, שלאָגן אים אַרוים פונעם גלייכגעוויכט און באַשווערן זיין אַזוי אויך שווער געמיט.

זיינע אָפטע נישט־דערפילטע ווונטשן און פאַרלאַנגען טאָרמאָזירן זיין אַקטיוויטעט, שוואַכן אָפּ זיין ענערגיע, ביז צו אַ צושטאַנד פון אַפּאַטיע און גלייכגילט.

די אויפגעקומענע ספקות, וואָס טאָטשען ווי ווערים זיין האַרץ און מוח, די אָפטע וואַקלונגען פון זיין גייסט, זיינען עלול אים צו דערפירן צום אָפּגרונט פון פאַרצווייפלונג און יאוש.

און אָט קעגן דעם אַלעמען, קעגן די אַלע ראַנגלענישן מיט זיך און מיטן אַרום, מיטן אייגענעם גוף, נשמה און דער נאַטור, וואָס דער מענטש פירט, רופט זיין לעבנס־אינסטינקט

אַרוים דעם גלויבן, דעם פֿאַרעקשנטן גלויבן אין זיך, דעם גלויבן אין די אייגענע כוחות אונטער אַלע באַדינגונגען און שוועריקייטן.

ער רופֿט אים אַרוים, כּדי מיט זיין הילף צו באַוואָרענען דאָס לעבן פֿון אַ גייסטיקער צערודערונג און צעפֿאַלונג. ער, דער אינסטינקט, וואָס איז דער פֿאַרבאָרגנסטער שומר פֿונעם יחידס לעבן, פֿון גאָר זיין „איך", נעמט צוהילף אָט דעם פֿאַרעקשנטן גלויבן, כּדי אים, דעם יחיד, אונטערצוהאַלטן און שטאַרקן אויף זיין פֿול מיט מכשולים שווערן לעבנס-וועג.

ער באַשיצט אים און קרעפֿטיקט אים, און אויף אַן אופֿן, וואָס נאָר אים אַליין איז באַקאַנט, שעפּטשעט ער אים ווי אַריין אין אויער: „זיי נישט פֿאַרצווייפֿלט, וואַרף אַוועק דיינע ספֿקות און גלויב אין זיך, אין דיינע אייגענע כוחות. און אַז דער היינט איז דיר טונקל, נעם זיך אָן מיט האָפֿענונג פֿאַרן ליכטיקערן מאָרגן".

*

און אָט פֿונעם דאָזיקן גלויבן אין זיך, וואָס איז אַ באַשטאַנד-טייל און אַ באַדערפֿעניש פֿונעם יחיד און וואָס קומט ווי דער פּראַקטישער פֿאַרשטאַנד אויף מיטן לעבן, כּדי ווי אַ געצייג פֿונעם זעלבן לעבן אים, דעם מענטש, צו קרעפֿ-טיקן, קומט אויף און אַרבעט זיך אוים דער אַלגעמיינער גלויבן.

ווייל פּונקט ווי דער פּראַקטישער פֿאַרשטאַנד פֿונעם יחיד, וואָס איז אַ טייל פֿונעם לעבן און קומט מיט אים אויף, איז ווייטער אַוועק פֿון זיינע באַשטימטע גרענעצן און האָט פֿון זיך אין לויף פֿון דער צייט אַרויסאַנטוויקלט דעם טעאָרעטישן געדאַנק, אַזוי אויך האָט דער סוביעקטיווער גלויבן, דער גלויבן אין זיך פֿונעם יחיד, אין לויף פֿון דער צייט זיך אַנט-וויקלט, דערפֿירנדיק צום אויפֿקום פֿונעם אַלגעמיינעם גלויבן.

עס איז אַזוי אין דער נאַטור פֿון יעדער לעבעדיקער

פונקציע, בפרט גייסטיקער, נישט צו בלייבן שטיין אויף אן אָרט, נאָר זיך אויסצובעסערן און אויסצוברייטערן.

דער געדאַנק איז, ווי דאָס לעבן, דינאַמיש. ער איז פאָרשעריש, זוכעריש און אַרויסרופעריש. און פונקט ווי יעדער געדאַנק רופט אַרויס אַ צווייטן, אַזוי פירט איין סאָרט גלויבן אַרויס אַ צווייטן.

און די זעלבע סיבות, וואָס האָבן דערפירט צום אינדיווידועלן גלויבן, צום גלויבן אינעם אייגענעם „איך", האָבן ביי אַן אויסברייטערונג פונעם מענטשנס האָריזאָנט, באַזונדערס ביי זיין צוזאַמענטרעף און צונויפשטויס מיט דער אַרומיקער נאַטור, אויך געמוזט פירן צום אַלגעמיינעם גלויבן, צום גלויבן אין אַ כוח, אָדער כוחות, מחוץ זיך.

*

דער הייל-מענטש, וועמענס גאַנצע באַקאַנטשאַפט מיט דער נאַטור איז געווען בלויז זיין פינצטערע הייל, האָט, פאַרשטייט זיך, נאָך נישט געקאָנט פון קיין גלויבן מחוץ זיין אומבאַוווּסטזיניקן, אין זיך אַליין פאַרוואָרצלטן אינסטינקטיוון גלויבן.

ערשט דער מענטש, וואָס האָט זיך שוין פרייער באַוועגט און זיך מער באַקאַנט מיט דער נאַטור, האָט, אַבסערווירנדיק זי און דערמיט אויך אויסברייטערנדיק זיין אייגענעם האָריזאָנט, שוין געקענט אָנהויבן אַנען פון עפּעס אַן אַלגעמיינעם גלויבן.

אַ גלויבן אין די כוחות אָדער אין אַ כוח מחוץ זיך, מחוץ דעם אייגענעם לעבן, וואָס האָט אַלץ באַשאַפן און באַשאַפט, אַ גלויבן וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין זיינע פאַרשידנסטע פאָרמען (פעטישיזם, פּאָליטעאיזם און מאָנאָטעאיזם), וואָס עסט זיך פונקט אַזוי איין אין אים, ווי דער גלויבן אין אייגענעם סוביעקט, פון וועמען עס איז זיך שוין שווער אָפּצוזאָגן.

דער מענטש, אַפילו דער פּרימיטיווער, קען נישט בלייבן שטיין און זיך צופרידנשטעלן בלויז מיט זיין אינדיווידועלן גלויבן, מיטן גלויבן אין זיך, ווי ער קען אויך נישט זיין צופרידן, זיך צופרידנשטעלן נאָכן שטילן זיין הונגער און דאָרשט, בלויז מיט זיינע פּרימיטיווסטע באַדערפעענישן.

עס קומען שוין אין אים אויף פאַרלאַנגען און באַדערפע־נישן מחוץ פון זיינע ענגע קערפּערלעכע נויטן, וועלכע לאָזן אים נישט צורו. אים באַאומרואיקן נאָך זאַכן. עס באַאומרואיקן אים די זאַכן און דערשיינונגען פון דער אויסערלעכער נאַטור, ווי די דערשיינונגען פון זיין אייגענער נאַטור.

ער איז פול מיט פחד און שרעק פאַר דער נאַטורס סטיכיע, ווי פאַר דער אייגענער סטיכיע, פאַר דער סטיכיע פונעם אייגענעם גורל. עס שרעקט אים דער שטורעם, די פאַר־פליצונג, דער וואולקאַן־אויסברוך, ווי ער איז פול מיט פחד און שרעק פאַר די בייזע דערשיינונגען פון זיין אייגענער נאַטור, פאַר די קראַנקהייטן און דעם טויט.

יעדע שלעכטע פאַר אים דערשיינונג רופט אין אים אַרויס אַ געפיל פון שרעק און פּיין, ווי יעדע גוטע פאַר אים זאַך און דערשיינונג רופט אין אים אַרויס אַ געפיל פון פרייד, אָבער אויך פאַרוווּנדערונג.

און טראָץ דעם, וואָס צוזאַמען מיט דער פרייד שטייט ער אַ פאַרגאַפטער אין פאַרוווּנדערונג און אַנטציקונג פאַר יעדער שיינער זאַך און דערשיינונג, איז ער דאָך פול מיט זאָרג לגבי יעדער נישט־דערקלערטער פאַר אים אומפאַר־שטענדלעכער זאַך, וואָס באַאומרואיקט אים.

דאָס אַלץ רודערט אויף ביז פּיין זיין נייגיר און אינטערעס, וועלכע ער קען נישט שטילן. עס קומען אין אים אויף פראַגן און קשיות, וועלכע ער קען זיי אַליין בשום אופן נישט פאַר־ענטפערן.

דער עיקר מאַטערט אים און פּייניקט די דערשיינונג

פונעם טויט. די עובֿדה, אַז אַט נאָר וואָס האָט זיין פריינט געלעבט, איז מיט אים געגאַנגען אויף יאַגד, געווען פול מיט ענערגיע און לעבנס־לוסט, און אַט ליגט ער פאַר זיינע אויגן ווי אַ געשאָסענע חיה, אָן באַוועגונג, אָן אַ ריר צו טאָן זיך; און ער הויבט נאָך אָן צו פוילן און צו צעפאַלן זיך — אָט דאָס דאָזיקע צעטראָגט אים און צענעמט אים אינגאַנצן.

ער קען נישט שלום מאַכן מיט דער דאָזיקער דערשיינונג. ער קען בשום אופן נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אָט זיין נאָר וואָס געשטאָרבענער פאָטער, צי ברודער, וואָס איז פריער געווען פול מיט לעבן און מעשים, זאָל מיט אַמאָל, מיר נישט דיר נישט, אַוועקגיין, פאַרשווינדן, „כלא היה", ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט.

אַז דער, וואָס האָט נאָר וואָס געטאַנצט, געזונגען און געשפרונגען, איז געווען אַזוי קלוג, אַז ער האָט איבערגע־כיטרעוועט די קליגסטע חיה אין וואַלד — זאָל אַזוי צעפאַלן, אַז עס זאָל פון אים גאָרנישט בלייבן...

אַז דער מענטש איז גלייך און נישט מער ווערט, ווי די איבעריקע ברואים און זאַכן פון דער נאַטור, וואָס רעדן נישט, טראַכטן נישט, אַקערן און פלאַנצן נישט, ווי דער הונט, די בהמה, דער קריכנדיקער וואָרעם, דער בוים און אַפילו די שטעכיקע פאָקשיווע, וואָס פאַרוויאַנעט און פאַר־שווינדט.

און אויב יאָ, אויב ס'איז טאַקע אַזוי, אַז „ומותר אדם מן הבהמה אין", אַז דער מענטש איז טאַקע מער נישט ווערט, ווי די שטומע בהמה, און פון זיי ביידע בלייבט נאָכן טויט גאָרנישט, ווי זשע קומט עס, פרעגט ער זיך, וואָס דער זעלבער טויטער פריינט קומט צו אים ביינאַכט אין חלום, רעדט מיט אים און גייט מיט אים דערנאָך אין וואַלד כאַפּן חיות?...

ניין, זאָגט ער זיך דעריבער, עס קען נישט זיין, אַז דער מענטש איז גלייך צו דער בהמה, ווי צו יעדן פּגר. אים גייט

נישט אַזאַ געדאַנק אין קאָפּ, און נאָך מער קען זיין זעלבסט-געפיל צו דעם נישט מסכים זיין.

ער קען נישט צולאָזן צו זיין געדאַנק און געפיל, צום געפיל פון זעלבסט-דערהאַלט, אַז מיטן מענטשנס טויט, מיטן אָפּשטאַרבן פון זיין גוף, שטאַרבט אַלץ אָפּ אין אים, ווערט אַלץ אין אים פאַרלוירן אויף אייביק.

און עס קומט דאָן דער שומר פון זיין לעבן, דער אינ-סטינקט פון זעלבסט-דערהאַלט, און רוקט אים אונטער דעם געדאַנק, אַז ניין, מיטן אָפּשטאַרבן פונעם גוף שטאַרבט נאָך נישט אַלץ אָפּ אינעם מענטש.

ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, אַ בורא, וואָס האָט אַלץ באַשאַפן און באַשאַפט, און ער פירט אָן מיט דער וועלט, מיט אַלץ ; אויך מיט אים, דעם מענטש.

און ער איז מער ווי אַ חיה, ער איז די קרוין פון באַשאַף. ער האָט אַ נשמה, וואָס לעבט אייביק, וואָס גייט נישט פאַר-לוירן צוזאַמען מיטן גוף. און נאָך מער, ווען די צייט וועט קומען, וועלן אַלע טויטע צוריק לעבעדיק ווערן.

און פון פרימיטיוון מענטשן ביז אונדזער היינטיקן קולטור-מענטש איז גאָרנישט נישט אַזאַ ווייטער מהלך, ווי עס קען זיך אויסדוכטן. דער מענטש איז אין אַלע צייטן און דורות איינער און דער זעלבער. דער זעלבער אין זיין אומ-ענדלעכער גיריקייט, אין זיינע פאַנטאַזיעס און פאָרשטעלונגען, ווי אין זיינע פאַרלאַנגען און באַגערן.

ער איז נאָר געוואָרן אַ קאַפּיטשקע ציוויליזירטער און דערפאַרענער, דער היינטיקער מענטש (אין גוטס און אין שלעכטס) — אָפּגעפּוצטער און געשליפענער אין זיינע מאַ-ניערן, אין זיין רעדן און באַנעמען זיך.

דערפאַר אָבער אין זיין נשמהדיקסטן תוך, אין גאָר די טיפענישן פון זיין „איך”, איז ער דער זעלבער מענטש מיטן זעלבן לעבנס-דאָרשט, גלוסטענישן און בענקענישן.

און אויך ער, דער היינטיקער קולטור־מענטש, ווײַל נישט שלום מאַכן מיט זײַן גורל, מיטן געדאַנק פון טויט, פון אַ זינלאָזן פאַרשווינדן, פון אַן אָוועקגיין אָן יעדן מינדסטן איבערבלײַב, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

אויך ער, דער מענטש פונעם קלאָרערן געדאַנק, איז אומצופרידן, בונטעוועט זיך אין גאַר זײַנע פאַרבאָרגענישן קעגן אייגענעם פאַרשטאַנד, וואָס פאַרמשפּט אים אַזוי שכלדיק צום טויט, און גיט אים איבער נאָך ביים לעבן צו די קאַלטע געזעצן פון דער נאַטור, וועלכע ווילן לגבי אים, נישט וויסן פון קיין יושר און פון קיין אײַנזעעניש...

און אויך ער גאַרט נאָך די ווונטשן און פאַרלאַנגען פון זײַן האַרץ און נשמה, בענקענדיק נאָך אַ שענערער און אייביקער פאַר זיך וועלט, נאָך אומשטערבלעכקייט.

און ער זוכט דעריבער, מיט דער הילף פונעם גלויבן אין זיך און זײַן שטאַרקן לעבנס־דראַנג (וואָס קומט דווקא בעת אַ קריזיס), זײַן טרייסט און רעטונג אין עפּעס אַן אַלגעמיינעם גלויבן.

אַזוי אַרום איז דער אַלגעמיינער גלויבן אין אַ פּערזענלעכן גאָט, וואָס אַרבעט זיך אויס פונעם אינדיווידועלן גלויבן אין זיך, אין די אייגענע כוחות — אַ מין פּסיכישע באַדערפעניש און נויטווענדיקייט, אַרויסגערופן פונעם אינסטינקט פאַר זעלבסט־דערהאַלט, פון מענטשיקן ווילן צו לעבן.

ס׳איז די נויטווענדיקייט צו מילדערן און שטילן דעם מענטשנס פּײַן און אומבאַהאָלפנקייט און זײַן פאַר אים אַן אָנשפּאַר, ס׳איז די נויט פון לעבן, וואָס פאַרשיכורט אים מיט דער זיסקייט פון אַ יענער־וועלט, אַ שענערע, און אַן אייביקע פאַר אים.

## קאַפּיטל זיבן

# געפּיל און געדאַנק

**די אָרגאַנען פונעם פּסיכישן לעבן. — דער גערעאַנגל צווישן געפּיל און געדאַנק. — דעם מענטשנס געפּילן. — געדאַנק און עמאָציעס.**

דער מענטשלעכער אָרגאַניזם באַשטייט פון פאַרשידענע טיילן און אָרגאַנען, וועמענס אויפגאַבע עס איז צו באַדינען און אויפהאַלטן דאָס מענטשלעכע לעבן.

אַ טייל פון די דאָזיקע אָרגאַנען זיינען אָפן פאַרן מענטש-לעכן אויג, וועמענס טעטיקייטן און פונקציעס יעדער איינער קען זען און קאָנטראָלירן, און אַ טייל, דערהויפּט פונעם אינערלעכן פּסיכישן לעבן פונעם מענטש, זיינען פאַר אונדז פאַרבאָרגן און פאַרשטעלט.

פון די דאָזיקע אָרגאַנען פונעם פּסיכישן לעבן זיינען, צוליב זייער שטענדיקן גערעאַנגל, וואָס זיי פירן צווישן זיך, באַזונדער אונדז באַקאַנט די מער בולטערע געפילן און דער מענטשלעכער געדאַנק.

מען וואָלט די אַלערליי געפילן געקענט איינטיילן אויף גרונט-געפילן, אָדער עלעמענטאַרע לעבנס-געפילן, ווי: דאָס ערשטע און הויפּט-געפּיל פון קיום (אינסטינקט פון זעלבסט-דערהאַלט), וואָס איז דער הויפּט-כוח פונעם מענטשלעכן לעבן, געפּיל פון הונגער און דאָרשט, באַגער און לוסט, פון פּיין און ווייטיק, פרייד און טרויער, און די איבעריקע פון זיי אָפּשטאַ-מיקע געפילן (תולדות) און ביי-געפּילן.

די דאָזיקע עמאָציעס, וואָס זיינען, ווען נאָרמאַל, ווען זיי

פונקציאָנירן אין זייערע נאָרמאַל־באַשטימטע ראַמען, אַ ברכה פאַרן מענטשלעכן לעבן, אַ נויטווענדיקייט פאַר זיין קיום — זיינען אָבער אָפּט פאַרן זעלבן לעבן אַ קללה, ווען זיי טרייבן איבער מיט זייערע טעטיקייטן און גייען אַרויס פון זייערע נאָרמאַל־באַשטימטע גרענעצן.

און כדי אַכטונג צו געבן און צו קאָנטראָלירן די דאָזיקע געפילן, זיי זאָלן זיך נישט צופיל צעלאָזן און צעווילדעווען, זיי זאָלן נישט אַרויס פון זייערע אָנגעצייכנטע נאָרמען, איז באַשטימט דער געדאַנק.

דער פאַרשטאַנד, וואָס איז די קווינט־עסענץ פונעם מענטשלעכן גייסט, די קאָנטראָלירנדיקע פונקציע פון גאָר זיין טעטיקייט, דאַרף צוימען, האַלטן אין גלייכגעוויכט אָט די געפילן, זיי זאָלן אין זייער געיעג נאָך דערפאָלג, נאָך באַפרידיקונג, נישט איבערכאַפּן די מאָס און דורך דעם נישט נאָר פאַרלירן דאָס איבעריקע, דאָס אומבאַרעכטיקטע, נאָר אויך דאָס נאָרמאַל באַרעכטיקטע, און צוזאַמען דערמיט אויך דאָס לעבן.

און עס קומט דעריבער פאַר אַ פּערמאַנענטער געראַנגל, אַן אייביקער ויתרוצו צווישן געפיל און געדאַנק. און די דאָזיקע אייביקע מלחמה צווישן זיי, וואָס ווערט דער עיקר אַרויסגערופן דורך די איבערטריבענע פאַרלאַנגען און באַגערן וואָס אינעם מענטש, גייט אָן אין אים אין גאָר זיין לעבן.

און ווען מיר פרעגן, וואָס איז ווערטיקער, וויכטיקער פאַרן מענטשלעכן קיום — געפיל צי געדאַנק? — ענטפערן מיר אויף דעם, אַז ביידע, געפיל און געדאַנק, זיינען פאַר אונדז גלייך וויכטיק.

ווייל ביידע, געפיל און געדאַנק, זיינען אַ טייל פונעם מענטשלעכן לעבן און זיינען דעריבער גלייך וויכטיק פאַרן לעבן. זיי קומען אויף זייער אופן צוהילף דעם לעבן, טרייבן אים אָן און קרעפטיקן אים.

*

דעם מענטשנס געפילן זיינען מער עסענציאַנעל. זיי קומען אויף מיטן לעבן און זיינען בראשיתדיקער, ווי דער בהדרגה־דיקער, זיך אַליין אַנטוויקלענדיקער פאַרשטאַנד.

זייער אויפגאַבע איז צו נערן און אָנטרייבן דאָס לעבן, דאָס סאַמע לעבן. די געדאַנקען אָבער זיינען נאָר צו קאָנטראָלירן און גייסטיק צו באַרייכערן דאָס שוין פאַראַנענע לעבן.

געפיל איז לייביק, אור־לייביק און צעוואַרעמט, און דערייבער מער ערדיש, ווי דער גייסט. געדאַנק איז קאַלט, ניכטער, באַרעכנט און חשבונדיק, וואָס פאַרטראָגט נישט אין זיין עצם קיין היץ און קיין געאייל.

דאָס צעוואַרעמטע געפיל ווייסט נישט פון קיין גרענעץ. רק עס רייסט זיך פון זיך, פונעם אייגענעם תחום. דער געדאַנק אָבער קען נישט אַוועק פון זיך. זיין נאַטור איז — דאָס זיין צוגעשמידט צום אָרט, צום אייגענעם טראַכט־אָביעקט.

און הגם ביידע, געפיל און געדאַנק, מוזן זיך קאָנצענטרירן אַרום זייער אָביעקט, ווי למשל, דאָס געפיל פון ווייטיק אַרום דער זאַך פון ווייטיק, ווי דער געדאַנק אַרום דער זאַך פון זיין דענקען, קען אָבער דער געדאַנק זיך אַליין אויסקלויבן די זאַך פון זיין דענקען, ווי ער קען איבערגיין פון איין טראַכט־געביט צו אַ צווייטן.

דאָס געפיל אָבער ווילט אַליין נישט אויס די זאַך פון זיין פילן, נאָר ער ווערט ערשט דורך דער זאַך אַרויסגערופן צו פילן. נישט, למשל, דאָס געפיל רופט אַרויס דעם ווייטיק, צי דעם הונגער, נאָר דער צעקלאַפּטער פוס רופט אַרויס דעם ווייטיק, ווי דער ליידיקער מאָגן רופט אַרויס דאָס געפיל פון הונגער.

אַ חוץ דעם איז דאָס פאַרלאַנגענדיקע געפיל אימפּעטיק,

עס רייסט זיך אָפטמאָל צו שטורעמען דאָס לעבן, בעת דער גערדאַנק איז באַשטימט צו צוימען דאָס לעבן.

*

די עמאָציעס רייסן זיך, ווי דאָס לעבן, נאָך דערפילונג. די ליידנשאַפטן ווייסן נישט פון קיין אָפּשטעל, פון קיין אָפּהאַלט. און הגם בלינד — זיינען זיי אַקטיוו און אַנגריי־פעריש.

און ווייל זיי זיינען בלינד, זעען זיי נישט און אַנערקענען נישט קיין שום מכשולים אויף זייער וועג. זייער איינציקער געבאָט און לעבנס-געשריי איז: דערפיל!..

דער גערדאַנק אָבער איז אין זיין עצם זעעוודיק. ער איז דער „רואה ואינו נראה" (זעט און ווערט נישט געזען) פונעם לעבן. זיין הויפט-זאַך איז, פאַרקערט, צוימען, איינהאַלטן און רעגולירן דעם שטראָם פון לעבן, ריכטן און קאָנטראָלירן זיין פלוס, ער זאָל זיך אַליין נישט איבערפלייצן, איבערשווימען.

די עמאָציעס, וואָס זיינען ווי שטורעם-כוואַליעס, וואָס שטורעמען אין זייער בלינדקייט דעם אייגענעם ברעג, מוזן האָבן דעם פאַרשטאַנד, דעם כוואַליעס-ברעכער פונעם לעבן, וואָס זאָל באַהערשן און איינהאַלטן די אייגענע איבערשווי־מיקייט, — כדי דאָס לעבן אויף אַ לענגערן דויער צו פּרע־זערווירן.

די געפילן, ווי די ערשטע כלים פונעם לעבן, פונעם סאַמע לעבן, טרעטן אָפטמאָל איבער זייער שליחות; צעגאַרטע און צעגלוסטיקט, טרייבן זיי אָפּט איבער מיט זייערע כוחות. זיי טרייבן איבער אין זייער דערהויבונג, ווי אין זייער דערנידעריקונג, אין זייער געפאַלנקייט, אין פרייד ווי אין טרויער.

דאָס פרייד-געפיל קען זיך אויפהויבן ביזן הימל, ווי דער טרויער, דאָס געפיל פון עצבות, קען נידערן „עד שאול תחתיה" (ביזן טיפסטן אָפּגרונט).

דער געדאַנק אָבער, אין זיין קילקייט און געזעצטקייט, קען אַזוי נישט איבערטרייבן מיט זיך. דער געדאַנק ווערט געפירט פונעם שכל הישר, גייט נישט אַרויס פון זיין שטענ־דיקן תחום, און קען זיך איבעריק אַפילו צום לעבן נישט פאַר־שיכורן.

באַטראַכט און באַזאַכט, האַלט ער גלייך די שאָל פונעם לעבן, נישט לאָזנדיק זי איבערשוועבן זיך אויף קיין זייט. ווייל ער ווייסט, אַז די לײדנשאַפט איז קורץ־דויערנדיק, קורץ־ווייליק, וויל ער צוליב דער רגע, דער ווייל, נישט ריזיקירן מיט גאָר דאָס לעבן.

אָבער אויך דאָס געפיל איז נישט קיין מלופים־קינד. עס לאָזט זיך נישט און גיט זיך נישט אונטער. און היות ביידע, דער געדאַנק און געפיל, וווינען אין איין הויז און זיינען אַ טייל פון איינעם און דעם זעלבן לעבן, — קומט פאָר דער געראַנגל אינעם אייגענעם הויז, אינעם אייגענעם „מלכות האדם" (מענטשן־קעניגרייך), ווער וועמען עס זאָל באַהערשן, באַזיגן.

ס'איז אַ מלחמה, וואָס קיין צד האָט נאָך ביז היינט ענדגילטיק נישט געוווּנען. און אַזוי קעמפנדיק און ראַנגלענדיק צווישן זיך, גייט דערווייל דער אָביעקט פון זייער געראַנגל, דער בן־אדם אַליין, אָפּ אין בלוט, אינעם אייגענעם פיין פון קערפּערלעכער נישט־דערפילטקייט און פון גייסטיקן וואַקלען זיך.

## קאַפּיטל אַכט

# דער אמת וועגן אמת

וואָס איז דער אמת? — איין אמת, צי פאַרשידענע אמתן? — די פאַרשידענע פראַגן. — סקעפּטיקער און אַבסאָלוטע פאַר־לייקענער. — דער אמת פון די חושים, פון פאַרשטאַנד און פון די ווּנטשן. — דער אמת פונעם זיין.

וואָס איז דער אמת? איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אמת און אין וואָס באַשטייט ער? און אויב יאָ, איז פאַראַן איין אמת, אָדער פאַרשידענע אמתן?

אָט דאָס איז די פראַגע פון אַלע פראַגן פון אונדזער לעבן און וויסן, פון גאָר דער דערקענטעניש פון אונדזער זיין, — פון וועמען אַלע איבעריקע פראַגן זיינען אָפּהענגיק, און איז דערפאַר די שווערסטע פראַגע.

און די פראַגע איז נישט נאָר פון וואַנען עס שטאַמט אונדזער וויסן, אונדזער דערקענטעניש, נאָר אויך וואָס פאַר אַ כוח און ווערט זי האָט און ווי עס הויבן זיך אָן און ווי עס ענדיקן זיך אירע גרענעצן.

די פראַגע איז נישט אַזוי לגבי די טאָג־טעגלעכע איינצל־דערשיינונגען פונעם מענטשלעכן לעבן, לגבי די פראַגן פון דער טאָג־טעגלעכער דערפאַרונג, וועלכע דאָס לעבן, ס׳פּראַק־טישע לעבן, פאַרענטפערט שוין אַליין, ווי לגבי די אַלגעמיינע און איינצל־דערשיינונגען פון וועלט און זיין, — פון וועלכע אויך די איבעריקע פראַגן זיינען אָפּהענגיק.

איך מוז אָבער גלייך באַמערקן, אַז מיין כוונה איז נישט אויסצושעפּן גאָר די פראַגע, וואָס דאָס איז נישט דער ציל

פון דער באַהאַנדלונג, נאָר עטוואָס פון דעם צו סקיצירן אין שייכות מיט דער לעצטער אַרבעט פון „זיין און צוזאַמענזיין", וואָס איז דער הויפּט־ציל פונעם בוך. און דאָס אויך לויט מיינע באַשיידענע כוחות.

*

נאָר קודם כל — וואָס פאַרשטייען מיר אונטערן באַגריף פון אמת ? אונטערן באַגריף פון אמת פאַרשטייען מיר אַ זאַך אָדער אַ דערשיינונג, וואָס ווערט באַגריפן און אויפגענומען לויט איר פאַקטישן זיין און צושטאַנד. און דאָס איז נישט נאָר לויט דעם, ווי די זאַך קומט פאָר אויסערלעך, נאָר לויט איר סאַמע עצם, איר סאַמע תוך.

אַזוי אויך מוז וועגן יעדער זאַך, וואָס אַ מענטש גיט איבער, ווערן איבערגעגעבן לויט איר פאַקטישן געשען, צום ווינציקסטן לויט דעם, ווי דער מענטש האָט זי געזען אָדער געהערט, אָן שום שמץ פון איבערטרייב און צוטראַכט.

שטעלט זיך די פראַגע, איז מעגלעך אַזאַ זאַך, ווי געטריי איבערגעבן אַ פאַקטישן צושטאַנד, אַפילו אין זיין ריינער אויסערלעכער געשטאַלט, בפרט פון דער פאַרגאַנגענהייט ?

ווערן נישט לויט דער מענטשלעכער טבע די פאַקטן פאַרמינערט, אָדער פאַרגרעסערט ביים איבערגעבן זיי ? און פון וועלכער רגע געשען ווערט נישט גלייך פאַרגאַנגענהייט ?

און נאָך מער, צי איז מעגלעך זיך צו דערוויסן וועגן דער אמתער לאַגע פון דער וועלט און לעבן, ווי לאָמיר זאָגן: צי איז די וועלט אייביק, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף, אָדער זי איז ענדלעך, האָט יאָ אַן אָנהויב און אַ סוף ?

צי זיינען מאַטעריע און באַוועגונג, רוים און צייט, די הויפּט־יסודות פון דער וועלט, אָדער זיי זיינען נישט מער ווי פונקציעס, העכסטנס געדאַנקלעכע רעאַליטעטן, אַזעלכע נויטווענדיקייטן פון אונדזער דענקען און פאָרשטעלן זיך ?

ווערט די וועלט באַהערשט פון גייסט, צי פון מאַטעריע, אָדער פוןביידע צוזאַמען? איז זי, לויט געוויסע פאַרשטעלונגען, פול מיט שדים און רוחות, און צי האָט דער מענטש אַ נשמה, וואָס איז אַ „חלק אלהי ממעל" (אַ טייל פון גאָט פון אויבן), און נאָכן מענטשנס טויט קערט זי זיך צוריק אום צו איר אָרט און לעבט אייביק? א. א. וו. א. וו.

און איין פראַגע שלעפּט נאָך די צווייטע, פאַרגרעסערנדיק נאָך מער דעם געפּלאָנטער. אַזוי, למשל, ווען מיר נעמען אָן, אַז די וועלט איז אייביק, שטעלט זיך באַלד די פראַגע: אויב אייביק, ווי זשע איז מעגלעך דער באַגריף פון צייט? ווייל דער באַגריף פון אייביקייט, וואָס איז אומבאַגרענעצט, שליסט דאָך פון זיך אויס דעם באַגריף פון צייט, וואָס איז באַגרענעצט.

מחמת די דערשיינונג פון צייט איז אין לעבן און דענקען דער היפּך פון אייביקייט. ווען אַ מענטש זאָגט: „איך האָב נישט קיין צייט", אָדער „איך האָב ווייניק צייט", דריקט ער דערמיט אויס נישט נאָר זיין פעלן אָדער זיין ווייניקייט פון צייט, נאָר אויך איר טיילונג (אויף ווייניקער אָדער מער), וואָס דאָס אַליין איז שוין אַ באַגרענעצונג, און פרעגט דערמיט אָפּ איר אייביקייט.

ווייל צייט מיינט דאָך זיך טיילן, זיך רעדוצירן און באַגרענעצן צו פאַרשידענע גרויסן, ווי אין יאָרן, חדשים, טעג און רגעס, א. א. וו., אַזוי אין גרעסערע ווי אין קלענערע מאָסן.

ס'איז אַ מעסטן און טיילן אין דויער, ווי אַ פעלד איז אַ מעסטן און טיילן אין שטח, וואָס האָט אַן אָנהויב און אַ סוף. און אייביק מיינט דאָך גאָר אָן אָן אָנהויב און אָן אַ סוף.

און ווידער, אויב די וועלט איז אייביק, נישט קיין באַשאַפענע, ווי זשע האָט זי געקענט אויפקומען פון אַ קאָסמישן

נעפּל (לויט קאַנטלאַפּלאַס), צי פון אַן אור־מאַטעריע, אָדער אַנדערן מין עפּעס?

איז דאָך יעדער אויפקום אַן אַקט פון געשען, און יעדער געשען איז דאָך שוין ערגעץ ווו אַן אָנהויב אין צייט, צי אין דויער, ווי יעדער מאַטעריעלער עפּעס איז מחייב אַ פריער־דיקן עפּעס אין צייט.

ווידער, אויב די וועלט האָט שוין יאָ אַן אָנהויב און סוף, זי ענדיקט זיך ערגעץ ווו — פרעגט זיך, וואָס איז נאָך איר סוף, נאָך איר לעצטער גרענעץ? ווייל אַ גרענעץ פון אַ באַשטימטן שטח, פון אַ פעלד, אַ לאַנד, מיינט דאָך נאָר, אַז דאָ, ביי אָט דער גרענעץ, ענדיקט זיך פלוני בן פלונים שטח און עס הויבט זיך אָן דעם צווייטנס פלוני בן פלונים שטח; אַזוי הין און צוריק.

אָבער ווען די גאַנצע וועלט, אַלע שטחים ענדיקן זיך ערגעץ ווו, בלייבט דאָך ביים סוף פון דער וועלט אַן אַבסאָ־לוטער אפס, אַ גאָרנישט, ווו קיין רוים, קיין ליידיקער חלל איז אויך נישטאָ און במילא קיין שום כוח, וואָס זאָל זי ביי אָט דער סוף־גרענעץ האַלטן. טאָ ווי זשע פאָרט האַלט זי זיך? און וואָס קומט פאַר, געשעט, נאָך אָט דעם סוף פון דער וועלט?...

אַזוי אויך קומען אויף אַנדערע פראַגן. און דער עיקר, די פראַגע פון אונדזער וויסן, פון אונדזער דערקענטעניש, וואָס פאַר דעם זיינען פאַראַן פאַרשידענע פילאָזאָפישע שיטות און דערקלערונגען, וואָס פרווון געבן אַן ענטפער אויף אָט די פראַגן.

זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס גלויבן, אַז די מענטשלעכע דער־קענטעניש, דאָס מענטשלעכע וויסן, איז בכוח אויפצונעמען און צו פאַרענטפערן אָט די אַלע פראַגן, צו געבן אויף זיי אַ קלאָרן ענטפער, וואָס דאָס מיינט אויסצוגעפינען דעם אמת.

זיי גלויבן אין די רעזולטאַטן פון די חושים און פון שכל הישר.

זיינען ווידער פאַראַן סקעפּטיקער, וואָס ספקן אינעם כוח פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש. זיי זאָגן, אַז דער מענטש איז בשום אופן נישט בכוח אויף די פראַגן צו געבן אַ קלאָרן, דעפיניטיוון ענטפער.

זיין אויפנעם־כוח און פאַרשטאַנד זיינען צו שוואַך, צו באַגרענעצט אַריינצודרינגען אין אַט די פאַרפּלאָנטערטע פראַגן און זיי פאַרענטפערן. און במילא קען מען דעם אמת פון דער וועלט און לעבן נישט געפינען.

און נישט נאָר ווערט דער כוח פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש אָפּגעפרעגט, נאָר עס זיינען אפילו דאָ אַזעלכע דענקער (אידעאַליסטן), וואָס לייקענען בכלל אין דער וועלט און אין אַלץ וואָס אין איר.

זיי זאָגן, אַז די וועלט, די וועלט מחוץ אונדז, און אַלץ וואָס אין איר, הימל און ערד, בערג און טאָלן, טייכן און ימים — אַז אַט דאָס אַלץ איז גאָר נישט בנמצא, עקזיסטירט גאָר נישט.

אַז דאָס איז מער נישט ווי אַ דמיון אין אונדז, אַן אויס־דאַכטעניש און אויסטראַכטעניש פון אונדזער באַוווסטזיין (דער אינהאַלט פון אונדזער באַוווסטזיין); אַז מיר אַליין, הייסט עס, באַשאַפן אָט די פיקציעס.

כאָטש אַזוי דמיונדיק — געניסן זיי פון די פרוכטן פון דער ערדס פעלדער און גערטנער, פון די ווידמענישן אין די טייכן און ימים, באַוווּנדערן און קוויקן זיך מיט דער שיינקייט פון די שטערן אין הימל, ווי פון דער זוניקער ליכט. און אויך אַזוי דמיונדיק קרעכצן זיי און אָכצן, ווען זיי פילן נאָר דעם מינדסטן ווייטיק און פיין, זוכנדיק באַלד פאַר דעם אַן עצה און אַ רפואה (דווקא אַ נישט קיין דמיונדיקע)...

מיר האָבן אין אָנהויב געזאָגט, אַז די פראַגע וועגן דעם

אמת שטעלט זיך נישט אַזוי לגבי די פראַגן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וועלכע דאָס לעבן אַליין, דאָס פּראַקטישע לעבן, פאַר־ענטפערט שוין, ווי נאָר לגבי די אַלגעמיינע און איינצל־דערשיינונגען פון וועלט און זיין.

אין דער אמתן אָבער איז עס נישט אַזוי אינגאַנצן פּינקטלעך. מחמת, ווי די באַזונדערע שיטות און צווישן־שיטות, וואָס באַציען זיך דערהויפּט צו די אַלגעמיינע דערשיי־נונגען פון וועלט און זיין, זאָלן נישט דירעקט באַרירן דאָס פּראַקטישע לעבן, באַווירקן זיי פאָרט אויף אַ געוויסן אופן (זאָל זיין אַפילו אומדירעקט) דאָס מענטשלעכע לעבן.

זיי באַווירקן דאָס מענטשלעכע לעבן דורכן טעאָריזירן איבער די לערעס פון פיזיק און מעכאַניק און אַנדערע, וועלכע ווערן דערנאָך אויסגעפּרוווט אויף אונטערצוהאַלטן און באַ־קוועמער צו מאַכן דאָס לעבן, און זיי באַווירקן דאָס מענטש־לעכע לעבן, שוין בלויז דורכן אויסברייטערן זיין געדאַנקען־האָריזאָנט און פאָרשטעלונג.

און זיי האָבן אויך אַפילו אין זייער ריינעם טעאָרעטישן זין אַ שייכות צום מענטשלעכן לעבן, אַפילו צום פּראַקטישן לעבן, דורכן ווירקן אויפן מענטשנס גייסט און ווילן (צום גוטן ווי צום שלעכטן).

ווייל שוין דאָס עצם פאַרלייקענען דעם כוח פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג, ווי דאָס אַרויסטראָגן אַ טויט־אורטייל דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, שטערט דעם לעבן און זיין אַנטוויקלונג. עס פאַראַליזירט דעם מענטשלעכן ווילן און גאָר זיין לעבנס־איניציאַטיוו.

ווי, פאַרקערט, דאָס אָננעמען די מענטשלעכע דערפאַרונג און דאָס באַיאָען דעם פאַרשטאַנד, צום ווינציקסטן, דעם שכל הישר, קרעפטיקט דעם מענטשנס גייסט און שטאַרקט דעם ווילן.

אָבער אַחוץ די באַזונדערע שיטות און צווישן־שיטות,

וואָס באַציען זיך צו די אַלגעמיינע דערשיינונגען פון וועלט און זיין, האָבן מיר אויך אין דער נאַטור פון אונדזער אייגן לעבן, פונעם לעבן פון יחיד, באַזונדערע אמתן, וואָס קרייצן זיך איינע מיט די אַנדערע.

מיר האָבן, למשל, דעם אמת פון אונדזערע חושים און דעם אמת פונעם פאַרשטאַנד. מיר האָבן דעם אמת פון די פאַרלאַנגען, פונעם ווילן, ווי דעם אמת פון אונדזערע אידעאַלן און שטרעבונגען.

און יעדער איינער פון זיי וויל ביי אונדז זיין דער פוסק אחרון. און ווי קענען גאָר זיין אַזוי פיל אמתן, אויב אמת מיינט אַן אַבסאָלוטער פאַקטישער צושטאַנד, די זאַך ווי זי איז?

לאָמיר אָנהויבן מיטן אמת פון די חושים. די חושים, ווי באַוווּסט, ברענגען אונדז די איינדרוקן פון די זאַכן און דערשיינונגען. זיי זיינען דער יסוד פון אונדזער דערפאַרונג און וויסן. מיטן אויג זעען מיר און נעמען אויף אַלע זאַכן, און מיטן אויער כאַפּן מיר אויף אַלע קלאַנגען. אַזוי אויך מיטן חוש הריח, געשמאַק און טאַפּ-געפיל.

נו, פרעגט זיך, איז טאַקע דער אמת פון די חושים אַזאַ פּינקטלעכער אמת? גיבן זיי טאַקע איבער די איינדרוקן אַזוי גענוי און פּינקטלעך, ווי זיי זיינען אין דערווירקלעכקייט, אָן אַ שום טעות?

באַווייזן אָבער די פאַקטן פונעם לעבן, פונעם רעאַלן לעבן, אַז ס'איז נישט אַזוי, אַז צו קורץ זיינען זייערע „הענט", אַז אָפטמאָל פאַרפירן זיי אונדז, גיבן זיי אונדז איבער טעות-דיקע איינדרוקן.

לאָמיר נעמען, למשל, די דערשיינונג פון דער זון. טויזנ-טער יאָרן האָבן מענטשן געגלויבט, אַז די ערד שטייט אויף אַן אָרט („הארץ לעולם עומדת") און אַז זי איז דער צענטער פון דער וועלט, אַרום וועלכן עס דרייען זיך די זון און אַלע

אירע סאַטעליטן. והא ראיה: אַט זעען מיר דאָך יעדן פרי־מאָרגן, ווי די זון גייט אויף אין מזרח און פאַרגייט אין מערב.

און אַז די ערד איז דער צענטער פון דער וועלט, איז דאָך דער מענטש, די פולקאָמסטע בריאה, וואָס דרייט זיך אויף איר אַרום, נישט אַנדערש ווי די קרוין פון באַשאַף — „כי האדם כתר היצירה" און „למענו נברא העולם", פון זיינעטוועגן, דעם מענטש, דעם מקורב למלכות (דעם נאָענטן צו דעם וועלט־מלכות) איז גאָר די וועלט באַשאַפן געוואָרן.

ביז ס'איז געקומען קאָפּערניק און האָט איבערגעדרייט די גאַנצע שפּיל, האָט באַוויזן, אַז די מעשה איז גאָר פאַרקערט: נישט די גרויסע ליכטיקע זון דרייט זיך אַרום דעם קליינעם, אויסגעלאָשענעם ערד־פּלאַנעט, נאָר גאָר זי, די גאַנצע יחסנטע, די ערד, דרייט זיך אַרום דער זון.

און אַז ווער וועט פרעגן — האָט עמיצער ווען געזען ווי די ערד דרייט זיך? און ווי קען גאָר דאָס מעגלעך זיין, אַז זי זאָל זיך דרייען און מיר זאָלן דאָס גאָרנישט באַמערקן? איז זאָל ער היינט, בימינו, ווען מיר זיינען שוין דערגאַנגען צו פאַרשידענע מעכאַניזמען מיט זייערע פליגלען, זיך גוט צוקוקן, וועט ער זען, אַז ביי אַ וואָס שטאַרקערן דרייען זיך פון די פליגלען, זעט מען זיי אַלץ ווייניקער אַרויס.

מיר האָבן אָבער בעסערע ביישפּילן צו באַווייזן ווי דער אמת פון די חושים איז נישט שטענדיק פינקטלעך, הינקט אונטער. אַט לאָמיר נעמען די ביינאַכטיקע שטערנס, ווי קליין זיי זעען אוים אין אונדזערע אויגן, בלויזע פינטעלעך.

ווען מיר ווייסן, אַז דאָס זיינען ריזיקע זונען, וואָס טייל פון זיי זיינען פיל, פיל גרעסער, ווי אונדזער אייגענע זון; און נישט בלויז משער זיינען מיר זיך דאָס, נאָר יעדער איינער קען זיך אין דעם אַליין איבערצייגן דורכן אָבסערווירן זיי מיט אַ טעלעסקאָפּ (פאַרגרעסער־גלאָז).

און נאָך אַ בעסערן און ממשותדיקערן ביישפּיל האָבן

מיר מיטן האָריזאָנט. ווען מען קוקט פון דער ווייטנס אויפן האָריזאָנט, זעען מיר ווי דער הימל גיסט זיך ווי צונויף מיט דער ערד, ווי עס וואָלט גאָר קיין באַזונדערער הימל און קיין ערד נישט געווען.

דאָס זעלבע, ווען מיר קוקן פון דער ווייט אויף אַ דער־נענטערנדיקן זיך צו אונדז אָביעקט. וואָס ווייטער די זאַך, אָדער דער מענטש, איז פון אונדז, אַלץ קלענער זעט ער אונדז אויס, און וואָס נענטער צו אונדז — אַלץ גרעסער.

וועט איר דאָך זאָגן: נו, יאָ, אויב די מענטשלעכע חושים זיינע נישט פולקאָם, זיי הינקען אַביסל אונטער, איז דאָך אויף דעם דאָ דער שכל, דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד, וואָס וועט שוין די חושים פאַריכטן, זיי אַרויסהעלפן. און זיי ביידע, די חושים מיטן פאַרשטאַנד, „מי ידמה ומי ישווה להם", ווער קען זיך צו זיי גלייכן?..

זיינען טאַקע צוויי כוחות שטאַרקער ווי איינער, און אין זייער זכות לעבן מיר, ד. ה., מיט דער הילף פון זיי ביידע, די חושים מיטן פאַרשטאַנד, גייען מיר אָן מיט אונדזער פּראַקטישן לעבן. נאָר צו קיין תכלית, צו קיין ענדגילטיקן אמת, קומט עס פאָרט נישט.

דער פאַרשטאַנד קאָנטראָלירט טאַקע די חושים. דורך זיין הילף ווערן טאַקע אַ ריי טעותן און פעלערן פון די חושים, דער עיקר פונעם פּראַקטישן לעבן קאָרעגירט. אָבער ער אַליין, דער גאַנצער „מר בר רב אשי", דער פאַרשטאַנד, איז אויך נישט קיין „כל יכול", קען אויך נישט אַלץ.

ער איז באַגרענעצט, דער פאַרשטאַנד, און אָפטמאָל ווערט ער אַליין אויך פאַרפירט, און פאַרפירט אַנדערע, באַזונדערס אין די העכערע רעגיאָנען פון גייסט.

והא ראיה: אָט האָבן מיר אַזוי פיל אויסגעקליגלטע טעאָרעטישע און פילאָזאָפישע שיטות, וואָס זיינען זיך סותר איינע די אַנדערע, און צווישן וועלכע די אויבן־דערמאָנטע,

אידעאַליסטישע, וואָס האָט זיך דערטראַכט, אַז אַלץ אין אונדז איז אַ דמיון (אַן אויסדאַכטעניש), טראָץ דעם וואָס זיי ווילן, אַז מיר זאָלן פונדעסטוועגן אָננעמען זייערע פון אייגענעם דמיון אויסגעפּלפּולטע געדאַנקען, ווי רעאַלע.

וועגן דער סיבה האָבן מיר שוין גערעדט אין אַן אַנדער אָרט, און דאָ איז נישט דאָס אָרט עס צו דערקלערן. ווייל אונדזער אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט, איז אַ באַ־גרענעצטע: בלויז צו באַווייזן די נישט־פאַרטרוילעכקייט פון די דערמאָנטע אמתן.

*

אַצינד וועלן מיר איבערגיין צו די איבעריקע אמתן, צום אמת פון דער נשמה (גייסט), האַרץ און ווילן. דער אמת פונעם גייסט נעמט אייגנטלעך אין זיך אַריין אַלע העכערע שטרעבונגען פונעם מענטש, אַלע גייסטיקע גלוסטונגען און שטרעבונגען, צו וואָס דער מענטש גאַרט און גלוסט.

אויב די חושים און דער פאַרשטאַנד קענען מאַכן טעותן און פאַרפירן, איז עס סוף כל סוף נישט זייער שולד. זיי טוען דאָס נישט במזיד. וועלן, וואָלטן זיי וועלן דינען דעם מענטש געטריי און אויספירן פּינקטלעך זייערע פונקציעס לטובת זייער אָביעקט, דעם מענטש.

און זיי מאַטערן זיך טאַקע נישט איינמאָל, דערהויפּט דער פאַרשטאַנד, צו פירן דעם מענטש אויפן ריכטיקן וועג. אויף דעם איז ער דאָך עפּעס זיין געצייג, אויפגעקומען צו דינען אים ווי אַ וועג־ווייזער פאַרן יחיד, פאַר זיין פּראַקטישן לעבן. און נישט איינמאָל טאַקע הערן מיר זיינע „קרעכצן”, די קרעכצן פון אַן אָנשטרענגענדיקן, זיך מאַטערנדיקן פאַר־שטאַנד...

נאָר וואָס דען, זייערע כוחות זיינען צו שוואַך. ווייל זייער נאַטור, ווי גאָר דעם מענטשנס, אין וועמענס געצעלט

זיי פירן אויס זייערע פונקציעס, איז באַגרענעצט. און זיי קענען דעריבער זייערע באַשטימטע גרענעצן נישט אַריבער.

דאָס האַרץ און דער ווילן אָבער איז ווי אַ פרייער פויגל (אין פאַרלאַנגענדיקן זין), וואָס איז צו קיינעם נישט משועבד. זיי ווייסן נישט און ווילן נישט וויסן פון קיין גרענעצן.

קערפּערלעך איז דאָס האַרץ אַ פּינקטלעכער און אַן אחריותדיקער מענטשלעכער אָרגאַן; אַפילו אַ פּינקטלעכער בעל-חשבון, וואָס ציילט געניו די אייגענע טיק-טאַקן — הגם נישט אַזאַ בעל-מיושב ווי דער פאַרשטאַנד.

נאָר אין נשמהדיקן, פּסיכישן, אַזוי צו זאָגן, זין, ווייסט נישט דאָס „ווינטשנדיקע" האַרץ, דאָס בענקענדיקע און גאַרנדיקע, פון קיין גרענעץ, פון קיין אָרט און קיין אָפּשטעל.

פאַרקערט גאָר, די אמתע נאַטור פון פאַרלאַנגען און גאַרענישן איז זייער סטיכישע אומגעצוימטקייט, זייער רייסן זיך פון זיך, — דער ווונטש-קאָמפּלעקס קען זיך, ווי דאָס אויג, קיינמאָל נישט אָנזעטיקן; רק ער וויל, איז אומבאַרעכנט, און נישט ווי דער פאַרשטאַנד — קיל און געזועצט.

ער איז ווי אַ שטורעם-פויגל, וואָס געפינט זיך אין אַ כסדרדיקן געפלי. און עס קען דעריבער דאָס ווילנדיקע און גאַרנדיקע האַרץ נישט אָפּשפּיגלען קיין פאַקטישן צושטאַנד און במילא נישט קיין באַשטענדיקן אמת.

בפרט נאָך, ווען טיילן פאַרלאַנגען און שטימונגען בייטן זיך. זיי בייטן זיך לויט די אינערלעכע און אויסערלעכע באַדינגונגען, אין וועלכן מאָמענט דער מענטש געפינט זיך דאַן (כאָטש ווי אַן עצם — הערן זיי נישט אויף); בייטן זיך בכן מיט דעם אויך דעם מענטשנס אמתן. און דער מענטש איז כולו פאַרלאַנג, כולו וועלעניש, ווי ער איז כולו גיריקייט.

זיינען דעם מענטשנס אמתן און באַגריפן נישט קיין באַשטענדיקע, אַבסאָלוטע, ווי אַלץ אינעם מענטשנס לעבן

איז נישט אַבסאָלוט. זיי זיינען נאָר רעלאַטיווע, אָנגענומענע אמתן.

נאָר איין אמת איז פאַרט פאַראַן, וואָס איז דער יסוד כל היסודות פון אונדזער לעבן. דער דאָזיקער אמת ענדערט זיך נישט, טיילט זיך נישט אויף קיין טיילן, איז נישט קיין כמו־אמת, נאָר דער סאַמע זיכערסטער אַבסאָלוטער אמת, וועלכן מען קען נישט אָפּפרעגן און וואָס איז אמתדיק אויך אויסער אונדז, אָביעקטיוו. און דאָס איז דער אמת פונעם זיין, פון גאָר דעם זיין: פון דער עקזיסטענץ.

## קאַפּיטל ניין

# זיין און צוזאַמענזיין

**וואָס איז דער אמת פונעם זיין? — דער זיין ווי אַן אַבסאָ־לוטער יש. — דער כוח פונעם אינערלעכן באַהעפט. — דער מענטש און די טעכנאָלאָגיע. — גלייכגעוויכט פון די כוחות. — איז דער זיין גוט אָדער שלעכט? — די אומבאַהאָלפנקייט פונעם מענטש. — פליכטן פון איינעם צום אַנדערן. — דער מענטש דאַרף דעם מענטשן זיין אַ גאָט.**

וואָס איז דער אמת פונעם זיין? וואָס איז זיין עצם און זין און פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? דאָס זיינען פראַגן, וואָס קיינער קען אויף זיי נישט געבן קיין זיכערן ענטפער. מיר באַגרייפן אים נאָר ווי אַ יש, אַן אייביקן פלוס, וואָס פליסט אָן אויפהער.

אַלע אונדזערע ווייטערדיקע פרעגענישן און זוכענישן שטויסן זיך אָן אין אַן אומענדלעכן געפלאָנטער. פרעג דאָס ליכט, פרעג דעם חושך, ווען זיי אַליין הויערן, ווי שטומע געצן. — און ס'איז אפשר פאַרן פּראַקטישן, טאָג־טעגלעכן לעבן גאָרנישט כדאי אין דעם אַזוי פיל זיך צו גריבלען.

נאָר איין זאַך ווייסן מיר, פילן מיר, אַז ער איז דאָ, דער דאָזיקער זיין. ער איז פאַראַן און איז אַן אַבסאָלוטער יש, דער איינציקער יש, וועמענס אַבסאָלוטקייט מיר קענען נישט אָפּפרעגן. ער איז דאָ, דער זיין, אין אונדז, אין אונדזער לעבן, ווי ער איז דאָ אויסער אונדז, מחוץ אונדזער לעבן.

ער נעמט אַרום אַלץ, וואָס איז פאַראַן, וואָס איז בנמצא, די לעבעדיקע נאַטור, ווי די נישט־לעבעדיקע, די אויסגעפילט־

קייט, ווי די ליידיקייט, דעם חלל, און ער איז גאָר די פאַראַ־נענקייט, די עקזיסטענץ אַליין.

ער איז איינער, איין איינציקער, דער זיין. און מחוץ אים איז גאָרנישט פאַראַן, איז נישט בנמצא. ער איז דער באַהעפט פון אַלע זאַכן, זייער צונויפבונד, דער ציגל און דאָס ליים.

ער איז די אייביקייט און די וועלט. די וועלט איז אין אים, ווי ער איז אין דער וועלט. ער איז דער טראָפּן, ווי דער ים, דער פונק און דער פלאַם... ער איז אומעטום און „לית אתר דפניה מניה״ (נישטאָ קיין אָרט מחוץ אים).

און זיין אין תוך מיינט — צוזאַמענזיין. ווייל נישט פאַראַן איז קיין זיין אָן זיין באַהעפט, דעם צוזאַמענזיין. אַ צוזאַמענזיין נישט נאָר אין זיין פיזיקאַלער און פיזישער נאַטור, פון וואָס אַלע עלעמענטן באַשטייען, נאָר אויך אַ צוזאַמענזיין פון יעדער באַזונדערער זאַך און מין פאַר זיך.

דער זיין פון יעדער זאַך און דערשיינונג איז אינעם כוח פון זיין אינערלעכן באַהעפט און אינעם צוזאַמענשטעל פון זיינע טיילן. און אינעם ענגסטן צונויפשפיל פון גאָר זיין צוזאַמענזיין איז זיין כוח און דער סוד פון זיין קיום.

און דער מענטש, ווי אַלץ אין דער נאַטור, איז נישט נאָר אַ טייל פונעם זיין, פונעם אַלץ־אַרומנעמענדיקן זיין, נאָר ער איז, ווי אַ באַזונדערער יחיד, אויך אַ זיין פאַר זיך, ווי ער איז אויך אַ טייל פונעם זיין פון זיין מין און פונעם זיין פון זיין פאָלק.

ווי אַ יחיד, איז דער מענטש אַן „איך״, אַ זיין פאַר זיך, אַ לעבעדיקע גאַנצקייט, וואָס נעמט אין זיך אַריין און פאַר־אייניקט פילצאָליקע קלענערע זיינס (געוועבן און קעמערלעך). ער איז אָבער אויך ווי אַ זיין פאַר זיך, אַ טייל פון גרעסערע פון אים זיינס.

און היות דער מענטש, ווי אַלץ אין דער נאַטור, איז

אַ טייל פונעם אַלץ־אַרומנעמענדיקן זיין, מוזן מיר דעם אַלגע־מיינעם זיין, ווי די איבעריקע זיינס, אָננעמען, זיי באַיאָען. מיר מוזן שלום מאַכן מיט אונדזער גורל און צו אים זיך צופּאַסן, און צופּאַסנדיק זיך, טאָן אַלץ וואָס אין אונדזערע כוחות גרינגער צו מאַכן אונדזער לאַגע, אונדזער קורצן זיין אויף דער וועלט.

און אויף צו פאַרגרינגערן אונדזער לעבן אויף דער וועלט, מוזן מיר אָנקומען צו אונדזער חבר, דעם מיטמענטש. ווייל צו שווער איז דעם דאָזיקן אומברחמנותדיקן זיין צו פאַריכטן, מתקן צו זיין. און דער מענטש קען דאָס איינער אַליין נישט באַווייזן.

ער קען דאָס נישט באַווייזן נישט נאָר פיזיש, מחמת נישט זיינע כוחות און נישט זיין קורצער לעבנס־דויער קענען אויף דעם קלעקן, נאָר אויך נישט גייסטיק. זיין אייגענער וויסן, דאָס וויסן פון איין מענטש, ווי אינטעליגענט ער זאָל נישט זיין, איז צו ווייניק, צו נישטיק, צו באַהערשן, איינ־צושפּאַנען לטובת דעם מענטש אָט דעם אומגעהויערן מיס־טעריעזן זיין.

צו דעם זיינען נויטיק די דערפאַרונג, דער אַריינדרינג און די אינטעליגענץ פון דורות גאַנצע, פון אַלע מענטשן פון גוטן ווילן. און ווי ס׳איז נישטאָ קיין זיין אָן אַ צוזאַמענזיין בכלל, אַזוי איז אויך נישטאָ קיין מענטשלעכער זיין אָן אַ מענטשלעכן צוזאַמענזיין.

די צייטן פון איזאָלירטע שבטים און אומצוטריטלעכע שטחים זיינען פאַרביי. די טעכניק, מיט דער הילף פון מענטש־לעכן גייסט, מאַרשירט פאָרויס, דעראָבערנדיק איין אָפּגע־שלאָסן געביט נאָך אַן אַנדערן.

די מאַשין האָט זיך אָפּגעריסן פון אירע ערדישע פענטעס, האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט דער גרינגקייט פון אַ פויגל־

געשוועב אין די הימלישע מרחקים צו דעראָבערן פאַרן מענטש נייע אומגעאַנטע געביטן.

און ס'איז דעריבער דווקא אַצינד, בעתן שטייגן פונעם טעכנישן וויסן, וואָס איז להוט אַרויסצורופן די צעפּאַרעטע גאווה פון די טעכנאָלאָגן און די צעשפּילטע אַמביציעס פון די מאַכט-גיריקע — די סכנה פאַרן מענטש נאָך גרעסער.

זי איז גרעסער נישט נאָר פיזיש, דראָענדיק דורך די נייע טעכנאָלאָגישע דעראָבערונגען אומצוברענגען גאָר דעם מענטש, נאָר אויך גייסטיק-מאָראַליש.

די צו גיכע אַנטוויקלונג פון דער טעכנאָלאָגיע, דער אימפּעטיקער מאַרש פון דער מעכאַניזאַציע, ווי דאָס איינזייטיקע שטייגן פון איר וויסן איבער יעדן אַנדערן, דערהויפּט גייסטיק-מאָראַלישן, איז דעם מענטשנס גרעסטע קללה.

מחמת דער זיין פונעם מענטש, וואָס איז אָפּהענגיק פונעם צוזאַמענזיין פון זיינע פיזישע כוחות, פון זייער האַרמאָנישן צונויפשפּיל, איז פונקט אַזוי אויך אָפּהענגיק פון זייער גייסטיק-מאָראַלישן צוזאַמענזיין.

קיין כוח אינעם מענטשלעכן לעבן, פיזישער צי גייסטיקער, טאָר זיך נישט צופיל אַרויסהויבן, איבערשטייגן אַ צווייטן כוח אין אים. און דאָס צופיל אָנשפּיצן די מענטשלעכע כוחות צו איין געביט, אַפילו צום מאַטעמאַטיש-פיזיקאַלן, איבער יעדן אַנדערן, שאַפט אַ דיסהאַרמאָניע אינעם מענטש, צעשטערנדיק זיין פּסיכיש-מאָראַלישן גלייכגעוויכט, גאָר זיין גייסטיקן צוזאַמענזיין.

דאָס איבערגעטריבענע יאָגן זיך נאָך פיזיקאַלע דעראָבערונגען אין די ווייטע רוימען, בעת ס'לעבן אויף דער ערד אַליין איז נאָך נישט געאָרדנט און געזיכערט, — שאַפט אינעם מענטש אַן אומרויקייט און אומזיכערקייט.

עס צעשטערט אין אים זיין רעשט ביסל גלויבן אין זיין ערדישער פאַרוואָרצלטקייט, — נישט געבנדיק אים קיין

אַנדערן עקוויוואַלענט, אַ חוץ שרעק און זאָרג פאַרן מאָרגן. און, צעשראָקן און אומרואיק, בלייבט ער שוין אינגאַנצן אַ פאַרלוירענער.

דער אומזיניקער געיעג מיט דער צייט, וואָס דער אויפמאַרש פון דער טעכנאָלאָגיע רופט אינעם מענטש אַרויס, רויבט ביי אים צו זיין לעצט ביסל מנוחה, מאַכנדיק זיין האַרץ האַסטיקער און אומרויִקער צו שלאָגן.

און וואָס מער דער מענטש יאָגט זיך, אַלץ ווייניקער צייט בלייבט אים אָפּצופּילן, אויסצולעבן ס'אייגענע לעבן. עס צעשטערט אין אים דעם פסיכישן גלייכגעוויכט, צעשרויפט און צעטרייסלט גאָר זיינע נערוון און פאַרקירצט נאָך מער די טעג פון זיין לעבן.

*

איז דער זיין גוט אָדער שלעכט? למעשה איז אונדז נישט קיין גרויסע נפקא מינה. ווייל אין תוך קענען מיר אים סיי ווי נישט ענדערן. און ס'וואָלט בעסער געווען פאַרן מענטש, ווען ער ווערט אינגאַנצן נישט געבוירן.

וואָס מיר קענען איז העכסטנס אים אַביסל אַרומגיין. אים אַביסל צוימען לטובת דעם לעבן. און ער איז אַן און פאַר זיך נישט גוט און נישט שלעכט, דער זיין. ער איז דאָס, וואָס ער איז, און ביי זיך אַליין אין קלעם — און אונדזערע מענטשלעכע חשבונות גייען אים ווינציק אָן.

דאָס גוטע און דאָס שלעכטע (מער שלעכטס) איז אין אונדז, אין אונדז אַליין. אמת, ס'איז נישט אינגאַנצן דעם מענטשנס שולד, וואָס ער איז אַזוי שלעכט. ס'איז די נאַטור אין אים, די עגאָצענטרישע נאַטור, וואָס טרייבט אים צו דעם. שוין דער חומש ווייסט: „כי יצר לב האדם רע מנעוריו" — דער מענטש איז שלעכט נאָך פון זיין יוגנט (נח, כ"ב).

וואָרעם דער עגאָ, ווי דער מענטש אַליין מיט זיין גאַנצער

גיריקייט, איז דאָך אויך אַ טייל פונעם זיין. ער איז אַ טייל פונעם בלינדן ווילן צו עקזיסטירן, צו זיין אַזוי ווי ער איז, וואָס אויך דאָס קלענסטע שטויבעלע פאַרמאָגט. ס'איז דער כוח צו עקזיסטירן, וואָס נאָר דאָס איז די סיבה פון אָט דער גיריקייט, דער פאָטער פון אַלדאָס שלעכטס (ווען איבער־טריבן).

ס'איז די גיריקייט צו זאָרגן נאָר פאַר זיך, אין אַלץ נאָר צו זען זיך, איבערצוטרייבן מיטן אייגענעם „איך" איבער אַלע אַנדערע „איכן", וואָס טרייבט אַלץ צו באַהערשן, צו באַזיצן (אויך אין געשלעכטלעכן זין), און וועמענס פועל יוצא עס מוזן פירן צו בלוטיקע קאַמפן און קאָנפליקטן.

פונדעסטוועגן אָבער קען דער מענטש אינעם זעלבן זיין, אינעם פריינטלעכן צוזאַמענלעבן מיט זיינע מיטמענטשן, זיך פאָרט גרינגער מאַכן די לאַגע. ער קען זיך קודם גרינגער מאַכן דורכן צוימען דעם אייגענעם עגאָ, דורך נישט איבער־טרייבן מיט אים.

דער בן־אדם איז אין תוך אַ חיה ווי אַלע חיות. און דאָס חיהשע אין אים, ווען נישט געצוימט, בלייבט ביזן סוף פון זיינע טעג. דאָס ביסל געמיינזאַם מענטשלעכע אין אים איז אויפגעקומען אַדאַנק זיין גייסט, זיין פּראַקטישן לעבנס־גייסט, זיין טראַכטן און רעדן, ווי אַ געצייג, אַ נויטיק געצייג, וואָס הויבט אים אַרויס פון דער חיה און מאַכט אים, זי און די וועלט צו באַהערשן.

דאָס וווּנדערלעכע קאָמוניקאַציע־מיטל, די קונסט פון רעדן און שרייבן, וואָס פאַרבינדט אים מיט זיינע מיטמענטשן, און דער עיקר, דאָס פאַרצייכענען פון זיינע געדאַנקען, איז דער כוח, וואָס שטעלט אים העכער פון יעדער אַנדערער בריאה. דורך דעם זאַמלט ער אָן אַ דערפאַרונג, וואָס מאַכט אים רייכער און באַקוועמער דאָס לעבן.

דאָס איז אָבער בלויז אַזאַ פאַרמעג, וואָס קען אים, דעם

מענטש, קיין מנוחת הנפש נישט געבן. עס קען אים נישט באַפרייען פון זיין אומרו און גייסטיקע זאָרגן, בפרט פון דער אַלגעמיינער שלעכטס פון דער נאַטור אַליין.

פאַרקערט, וואָס רייכער דער מענטש ווערט אין דער דאָזיקער דערפאַרונג, אַלץ סכנהדיקער ווערט זי פאַר אים. ווייל ווי לאַנג די חיה איז נישט פולשטענדיק געצוימט אין אים, קען די זעלבע דערפאַרונג ווערן פאַר אים און דער וועלט די גרעסטע סכנה.

*

דער מענטש איז אָבער לויט זיין נאַטור אויך אַ סאָציאַלע באַשעפעניש, אַ סאָרט בריאה, וואָס קען אַליין נישט זיין. ווייל „לא טוב היות האדם לבדו" (ס'איז נישט גוט אַ מענטש צו זיין אַליין) — (בראשית, י"ט).

און ער קען אַליין נישט לעבן, נישט נאָר צוליב דער נאַטור פון זיין פיזישן צוזאַמענזיין, צוליב די פאַרשידענע פיזישע און עקאָנאָמישע באַדערפענישן, וועלכע ער קען אַליין נישט באַפרידיקן, נאָר, דער עיקר, צוליב זיין גייסטיקן צוזאַמענזיין.

שוין די באַדערפעניש פון טראַכטן און רעדן, פון צונויפנעמען זיינע געדאַנקען און זיי אויף אַ געהעריקן אופן אַרויסברענגען, וואָס הויבט אים אַרויס פון דער איבעריקער נאַטור, שאַפט אין אים די נויטווענדיקייט פון אַ מענטשלעכן צוזאַמענזיין, פון טיילן זיך מיט זיינע געדאַנקען און זאָרגן מיט זיין גלייכן.

ער מוז אויך אָנקומען צו זיין מיטמענטש, נישט נאָר כדי זיך צו טיילן מיט זיינע געדאַנקען, ווי פרימיטיוו זיי זאָלן נישט זיין, נאָר אויך כדי דורכן אויסרעדן און אַראָפּרעדן זיך, זיך פסיכיש גרינגער צו מאַכן, אַראָפּצוּוואַרפן די דריקעניש פונעם האַרץ.

נישטאָ נאָך אַזאַ איינזאַמע און אומבאַהאָלפענע בריאה,

ווי דער מענטש. און וואָס מער גייסטיק אַנטוויקלט ער איז, אַלץ גרעסער איז די איינזאַמקייט. ער איז איינזאַם און אומ־באַהאָלפן אינעם בעסטן בלי פון זיינע יאָרן, אין פולער אַרומ־רינגלונג פון זיין פאַמיליע. נאָך מער איינזאַם און אומבאַהאָלפן איז ער אויף דער עלטער, און גאָר באַזונדערס אין זיין אַליינקייט.

דאָס געפיל פון איינזאַמקייט דריקט אויף יעדן איינעם, שוואַכער צי שטאַרקער, ווי אַ שווערע משא. דער באַוווּסטזיין פונעם מענטש, אַז ער איז אַליין, איינגעשלאָסן אין זיך, אינעם אייגענעם זיין, אַז קיינער, אַפילו די געטרייסטע צו אים פערזאָן, קען אים נישט גרינגער מאַכן זיינע ליידן, קען אויף אַ האָר נישט מילדערן זיין גורל, ווען די בייזע שעה באַפאַלט אים — מאכט נאָך בולטער זיין אַליינקייט און פאַרלוירנקייט.

און נאָך אַ פריינטלעכער און האַרציק־פאַרברודערטער צוזאַמענזיין מיט זיינע מיטמענטשן, קען אין אים מילדערן, מאַכן אַביסל פראַגעסן דעם פיין פון אַליינקייט, און אויך פאַרמיידן אַלע איבעריקע סכנות, וואָס לויערן אויפן מענטש, בפרט אין אונדזער צייט.

און כדי דאָס צו דערגרייכן, מוזן מיר אָנקומען צו אַ דריטן אמת, צום אמת פון פראַקטיצירן גוטסקייט. נישט נאָר צו רעדן פון ליבע און פריינטשאַפט, נאָר זיי צו פראַקטיצירן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, זיי אַריינצופירן און אויסצושמידן אויף דער האַרטער קאָוואַדלע פונעם סאַמע לעבן.

*

מיר מוזן אויפהערן אַרומרייסן זיך אַרום גאָט, אָדער „גע־טער", אויפהערן זיך אָנצונעמען זייער קריוודע. אַלע אידייען, אַ חוץ דער איינער מענטש־ און לעבנס־אידייע (די אידייע פון זיין), זיינען רעלאַטיוו און ספקדיק, און קיין איין טראָפּן בלוט טאָרן מיר צוליב זיי נישט פאַרלירן.

אמת און הייליק איז נאָר דאָס לעבן, ס'לעבן פונעם

מענטש, ווי פון יעדער בריאה, פונעם גאָר דעם זיין. און מען טאָר נישט אָן אַ באַרעכטיקטער סיבה נישט נאָר קיין לעבע־דיקע זאַך נישט פאַרניכטן, נאָר אויך נישט קיין זאַך פונעם זיין סתם אַזוי צעשטערן. אַלץ וואָס איז פאַראַן, וואָס איז בנמצא, דאַרף זיין.

די „חובות בין אדם למקום" (פליכטן פון מענטש צו גאָט) מוזן אָפּגעשטופּט ווערן אין הינטערגרונט. זאָל זיך יעדער איינער גלויבן אין וועלכער אידייע אָדער איינרעדעניש ער וויל נאָר, אויב נאָר ער צווינגט זי נישט אַרויף אויפן צווייטן און פריידיקט נישט קיין מאָרד און קיין האַס צו זיין מיטמענטש.

דערפאַר אָבער דאַרפן אויפן ערשטן אָרט אַרויסטרעטן די פליכטן פון מענטש צו מענטש. די „מצוות בין אדם לחברו" דאַרפן פאַרנעמען ס'ערשטע אָרט צווישן די פעלקער און מענטשן.

די פליכטן פון מענטש צו מענטש דאַרפן געלערנט, און נאָך מער, פּראַקטיצירט ווערן פון קינדווייז אָן. שוין אין דער שולע דאַרף געפירט ווערן אַ געיעג און אַ פאַרמעסט, נישט איבער קיין אָקסן־קאַמף, אָדער אַנדערן בלוט־פאַרגיסנ־דיקן, צי בלוט־אויפרייצנדיקן ספּאָרט, נאָר איבער מעשים טובים, איבער עטיק, איבער דעם, וואָס פרייער און מענטש־לעכער צו מאַכן דאָס צוזאַמענלעבן.

די פאַרשריפטן און געזעצן פון יעדן לאַנד, ווי די צווישן־פעלקערלעכע, אינטערנאַציאָנאַלע, דאַרפן אויסגעטייטשט און אַדורכגעפירט ווערן נישט לויט זייער פאַרעלטערטן מיין, צי ריינעם פאָרמאַליזם, נאָר לויט זייער אינערלעכער מאָראַ־לישער כוונה, לויט דער מאָס גוטס, וואָס זיי טראָגן אַריין אין דער געזעלשאַפט און אינעם מענטשלעכן צוזאַמענלעבן.

און מהאי טעמא איז אַפילו אַ באַשלוס פון אַ מערהייט גלייך קיין באַשלוס נישט, אויב נאָר ער רופט צו מאָרד און

האָס. ווייל אויך דער „אחרי רבים להטות" (זיין מיט דער מערהייט) דאַרף זיין, מוז חל זיין נאָר צום גוטן.

און ווי פרייהייטלעך אַ באַשלוס זאָל נישט זיין, אויב נאָר ער באַרויבט אין דער ווירקלעכקייט אַ צווייטנס פריי־הייט, צי אַפילו בלויז זיין מענטשן־ווירדע, איז ער באַלד קיין באַשלוס נישט, איז ער באַלד נישט גילטיק.

מחמת נישט דער פאָרמעלער געזעץ איז דער עיקר, נאָר דער מענטש, די טובה פונעם מענטש. און לויט דער טובה פונעם מענטש, פון יעדן מענטש, לויט דער עטיק, דאַרף אַלץ געמאָסטן און געוווגן ווערן.

אין צענטער שטייט דער מענטש (הגם אָן דער קרוין פון באַשאַף), דער יחיד. ער נאָר, דער מענטש, איז דער אַרויס־רופער פון אַלע אידייען, ווי פון אַלע זאַכן און דערשיינונגען.

זיי, די זאַכן און דערשיינונגען, עקזיסטירן טאַקע אָביעק־טיוו, מחוץ אים אויך. דער מענטש איז זיי אָבער מחייב — באַשאַפט זיי ווי אויפסניי איבער און באַוווּנדערט זיי.

ער רופט אָבער אויך אַזוי אַרויס דאָס גוטע ווי דאָס שלעכטע. און לטובת זיך — דעם אייגענעם זיין, ווי דעם מענטשלעכן צוזאַמענזיין, איז אונדזער אויפגאַבע אַרויס־צופירן בלויז דאָס גוטע, אַרויסצוטיילן דאָס גוטע פונעם שלעכטן, כדי דורך דער מאָראַלישער שיינקייט און דער־הויבנקייט פאַרגרינגערן און באַזיניקן דאָס לעבן.

ברוך שפינאָזאָס געבראַכטע ווערטל: „דער מענטש איז דעם מענטשן אַ גאָט" („עטיק", ש. ווינערס איבערזעצונג, 1963, זייט 127), דאַרף ליידער פאַראַפראַזירט ווערן: דער מענטש דאַרף דעם מענטש זיין אַ גאָט.

ער איז אָבער גערעכט, ווען ער זאָגט: „ס'איז פאַרן מענטש נישטאָ גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל אים זיין מער נוצלעך ווי דער מענטש" (דאָרט, טייל 4, „אָנרעגונג צו פּראָפּאָזיציע", 18).

# אויסטייטש פון ווערטער און פילאָזאָפישע טערמינען

**פיזיאָלאָגיש** — לויט דער לערע פון פיזיאָלאָגיע, די לערע וועגן קערפּערלעכן געבוי פונעם מענטש.

**ביאָלאָגיש** — לויט דער לערע וועגן מענטשלעכן לעבן.

**רוים** — דער שטח, דער חלל פון דער וועלט.

**מרחקים** — ווייטן.

**מיקראָקאָסמאָס** — די קליינע וועלט.

**מאַקראָקאָסמאָס** — די גרויסע וועלט.

**אין בכלל אלא מה שבפרט** — אינעם כלל, אינעם רבים, איז מער נישטאָ ווי אינעם פרט, אינעם איינציקן.

**קוואַנטיטעט און קוואַליטעט** — פאָרם און אינהאַלט, דאָס אויסערלעכע און אינערלעכע.

**היינו הך** — איינס און דאָס זעלבע.

**איין־תוכיקע קוואַליטעט** — גרונט־קוואַליטעט (דאָס סאַמע אינערלעכע)

**טובסטאַנץ** — פילאָזאָפישער באַגריף פאַר דער ערשטער סיבה, סיבה פון אַלע סיבות.

**מחיצות־דימענסיעס** — באַזונדערע אויסמעסטונגען.

**כדר־טאַשמע** — אָרדענונג־פּאַס (לענטע).

**דמיונות־דימענסיעס** — צייט־מעסטונגען, אַרויסגערופן פון אונדזער געדאַנקען־פאָרשטעלונג.

**אינעם אייגענעם זעלבסט** — אין זיך אַליין.

**עמבריאָ** — דאָס עופּעלע אין מוטערס טראַכט.

**עסענץ** — דער סאַמע עיקר, דער תמצית פון דער זאַך.

**מלכות האדם** — מענטשלעך וועלטל.

**שיקול הדעת** — וועגן און מעסטן דעם געדאַנק איידער מען באַשליסט עפּעס.

**אַ חרס הנשבר** — אַ צעבראָכן שערבל, אַ זאַך וואָס איז גאָרנישט ווערט.

**השלמה** — פאַרפולקאָמונג.

**עצם** — דער וועזן פון דער זאַך.

**פנימיות** — דאָס אינעווייניקסטע.

**נאַיווער רעאַליזם** — באַטראַכטן די ווירקלעכקייט קינדיש, נישט קריטיש.

**וויבראַציעס פונעם עטער** — אַ מין ציטערן פון די לופט־כוואַליעס.

**עמפינדונגס־צענטער** — אויפנאַם־צענטער.

**טעאָרעטישער געדאַנק** — דער ריינער, אומפּראַקטישער געדאַנק.

**ביאָלאָגישער מעכאַניזם** — אַ לעבעדיקער מעכאַניזם, אַ לעבנס־מאַשין.

**געדאַנקלעכע אַבסטראַקציע** — פונעם לעבן אָפּגעריסענער געדאַנק.

**סוביעקטיוו** — פערזענלעך.

**קאָנסטרוקציע** — געבוי.

**מאַטעריע** — מאַטעריאַל, אָדער דער שטאָף פון וואָס אונדזער וועלט באַשטייט.

**זיין** — די גאַר עקזיסטענץ.

**קאָנפליקטאַרטיקע עמאָציעס און געדאַנקען** — וואַקלענדיקע, נישט פעסטע געפילן און געדאַנקען.

**אומאָרגאַנישע וועלט** — אומלעבעדיקע וועלט.

**מעטאַפיזישע שפּעקולאַציעס** — איבערערדישע השערות.

**סטימולן** — אָנשטויסן.

**דינאַמיזם** — דאָס זיין אין אַ שטענדיקער באַוועגונג.

**קאַוזאַליטעט** — סיבהדיקייט, אַז יעדע זאַך האָט איר סיבה און ווירקונג.

**קאָסמאָס** — די אַלוועלט.

**טוביעקטיווער טראַכטן** — אַ טראַכטן לויט פערזענלעכע וויגונגען און איינשטעלן.

# ביבליאָגראַפיע

פאַרן שרייבן דאָס בוך — געפאָרשט און איבערגעפאָרשט אַ ריי ספרים און ווערק:

ד״ר שמעון ברנפלד — דעת אלהים, תולדות הפילוסופיה הדתית בישראל. 2 בענד, 1899—1897.

ד״ר א. גינזבורג — יידישע דענקער און פּאָעטן אין מיטלאַלטער, בענד 1—2 („פאָרווערטס״־אויסגאַבע), ניו־יאָרק, 1918.

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי — געזאַמלטע שריפטן, בענד 1—2, פאַרל׳ „בזשאָזאַ״, וואַרשע (יאָר נישט אָנגעגעבן).

ווילהעלם יערוזאַלעם — פילאָסאָפיע (יידיש פון מ. כץ), פאַרלאַג „די היים״, ניו־יאָרק, 1920.

יעקב כהן — לעבן און טראַכטן, פאַרלאַג „בידערמאַן״, ניו־יאָרק, 1957.

ווילהעלם מעקדונעל — פּסיכאָלאָגיע (יידיש: ל. לערנער), פאַרלאַג „די היים״, ניו־יאָרק, 1920.

ד״ר א. מעריסאָן — די פיזיאָלאָגיע פון מענטשן, ניו־יאָרק, 1925.

ד״ר יצחק פאַלישוק — די אַנטוויקלונג פון אייראָפּעישן דענקען און דער יידישער בייטראָג, בענד 1—2, „ל. מ. שטיין״, שיקאַגאָ, 1945.

קאַרל קאַוטסקי — עטיק (יידיש: ח. קאַנטאָראָוויץ), פאַרלאַג „די היים״, ניו־יאָרק, 1919.

פעטער קראָפּאָטקין — קעגנזייטיקע הילף ביי חיות און מענטשן (יידיש: ד״ר א. מעריסאָן), ניו־יאָרק, 1921.

רמב״ם — מורה נבוכים, פרעסבאָרג.

ברוך שפינאָזאַ — די עטיק (יידיש: שמואל ווינער), פאַרלאַג „י. ל. פרץ״, תל־אביב, ישראל, 1963.

תורה, נביאים וכתובים, און אַנדערע.

## ביכער פון יעקב כהן

**„דריי יאָר אין פוילישן מיליטער"** (מעמואַרן)
„פּרוזשאַנסקי", ביאַליסטאָק, 1930.

**„אין און אַרום ציוניזם** (עסייען)
„פּרוזשאַנסקי", ביאַליסטאָק, 1931.

**„פון אייגענעם גאָרטן"** (אַפאָריזמען און לידער)
„אַבעצע", פּאַריז, 1949.

**„אויף די וועגן פון יידישן קיום"** (עסייען)
פאַרלאַג „צעראַטאַ", פּאַריז, 1950.

**„לאַבירינטן פון געדאַנק"** (אַפאָריזמען)
פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1951.

**„פאָלק, גייסט און לאַנד"** (עסייען)
פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1952.

**„צו אַ ניי לעבן"** (דערציילונגען)
פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1953.

**„לעבן און טראַכטן"** (עסייען)
פאַרלאַג „בידערמאַן", ניו־יאָרק, 1957.

**„דער גורל פונעם ייד"** (ראָמאַן)
פאַרלאַג „י. ל. פּרץ", תל־אביב, 1960.

**„אונטער די סאָוויעטישע הימלען"** (שילדערונגען)
פאַרלאַג „י. ל. פּרץ", תל־אביב, 1961.

**„די משפחה ערליך"** (ראָמאַן)
פאַרלאַג „ניי־לעבן", תל־אביב, 1964.

**„אין פלאַם פון דאָרן"** (פּאָעמעס און לידער)
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1965.

**„בין השמשות"** (לידער אין פרייען פערז)
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1966.

**„דריי יאָר אין פוילישן מיליטער"** (מעמואַרן)
2־טע פאַרבעסערטע אויפלאַגע
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1967.

**„זיין און צוזאַמענזיין"** (אַ פרווו פון אַן עטיק)
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1968.



**פאַרפאַלן געוואָרענע מאַנוסקריפּטן:**

**„פון זיך"** (לידער אין פּראָזע), ביאַליסטאָק.

**„מיט די כוואַליעס פון לעבן"** (ראָמאַן), ביאַליסטאָק.

**„ערשטע פרוכטן"** (לידער) ביאַליסטאָק.